# דראַמעז

פון

מ. פראַנקענטאַל

פארלאג „די טעאַטער־וועלט"
ווארשע—לאדז

אַלע רעכט פארבלייבען באַ'ם שרייבער.

אויפפירען אַנ'איינאַקטער, איבערזעצען אָדער איבערדרוקען
אָהן אַ דערלויבעניש פונ'ם מחבר — איז פאַרווערט.


M. FRANKENTAL

# DRAMATY


Wydawnictwo:

Di Teater-Welt

Łódź, Południowa 32/4.

Tł. „Kultura", Łódź, Cegieln. 10.

## אינהאַלט:

# די האפענונג.

פאַנטאַזי

אין איין אַקט.

# פּאַרשוינען:

| | |
|---|---|
| אַלפרעד הימעלפארב<br>זיגפריד שווייצער | מאָלער. |

דער מאָדעל

טעאָדאָר וויסהויף — סקולפּטאָר.

| | |
|---|---|
| ער<br>זי | אַ יונג פאַרליבט פּאָרל. |

אַ משוגענע

ארטור שיין אַ יונגער שרייבער

באָריס גאָלט — אַנ'אידעאַליסט

---

אָ ר ט — אַ גרויסע שטאָט.

צ יי ט — צווישען די נישט-לאַנג פאָרג נגענע און אנקומענדיגע צייט.

---

# די בינע:

אנ'אטעליר פון מאָלער.

אויף די ווענט הענגען : פעדער און קויל=צייכנונגען. אויף שטענדערס זענען צושטעלט : גיפּס און ליים=פיגורען. (א סך נישט-פאַרענדיגטע). גלייך — א פּעוצטער. מ'זעהט אין די שייבען : א גאָרטען, ס'שלענגעלט זיך א וועג, א באַרג, דעכער, קלויסטער=שפּיצען — דאָס פאַרלויפט אַזוי ווייט ווי ס'אויג קען נאָר זעהען. נעבען פענצטער — אַנ'עסטראַדע פאַר'ן מאָדעל. לינקס — אין הינטערגרונט — ליגען פּאַליטרעס, פּענזלען. רעכטס — אַנ'אַרויסגאַנג=טיר.

---

ווען דער פוירהאַנג ווערט אויפגעצויגען, שטייט אלפרעד נעבען מאָלברעט און מאָלט א בילד. ער צייכענט שנעל : מיט א לייכטער אויפרעגונג. — אונטער זיין רוקען שטייט זיגפריד און קוקט דאַרויף מיט א שמייכעל אויף די ליפּען. אלפרעד איז אריינגעטוען אינ'ם מאָלען. קורצע פּויזע.—

---

# ערשטע סצענע

## אַלפרעד — זיגפריד.

**אַלפרעד:**

וואַרפט דעם פענזעל אויף דר'ערד, מאַכט אַ פּאָר טריט. **פאַרטיג.**

**זיגפריד:**

נאָך אַ ווײַלע. **דו דאַרפסט אַזעלכע בילדער נישט מאָלען.**

**אַלפרעד:**

כ'וויס.

**זיגפריד:**

נאָר —

**אַלפרעד:**

כ'מוז...

**זיגפריד:**

**?...**

**אַלפרעד:**

ביטער. **אויב נישט, וועט מיר אויסקומען פון הונגער שטאַרבען, אין דער גאַס...**

**זיגפריד:**

מיט אַמאָל. **דו טאָרסט אָבער דיך נישט פאַרקויפען — פאַרשוועכסט דיין טאַלאַנט.**

אַלפֿרעד:

א מאַך מיט די הענט. אַלץ איינס

זיגפֿריד:

פֿארוואונדערט. וואָס הייסט?

אַלפֿרעד:

מיט יאוש. נאַרישקייטען, אַלץ, נאַרישקייטען...

זיגפֿריד:

שווייגט.

אַלפֿרעד:

שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. דער עולם, וויל פון קונסט נישט וויסען. — נאָך א ווײַלע. מיין טעאַטער-דירעקטאָר פאָדערט פּיקאַנטע בילדער, סענסאַציעס: וואָס זאָלען צופּען, רייסען, שלעפּען אין טעאַטער אַריין — און אַז דער עולם קומט, מעג ער קייען שטרוי... דער עולם, איז אַ גולם — אַזוי זאָגט ער... כאַ—כאַ—כאַ! לאַכט.

זיגפֿריד:

מוז מען דעם עולם אויפקלערען —

אַלפֿרעד:

מיר האָפען, אַז ס׳וועט אַנדערש ווערען.

שווייגען.

אַלפֿרעד:

נאָך א ווײַלע. אונזער לעבען... כע—כע! טרויריג. די בלאַנקעסט דיך אַרום איינער אַליין, ווי איבעריג צווישען די מענטשען... פּסדר געהונגערט... חדשים-לאַנג... שטענדיג...

וואַרטענדיג אויף אַ בעסערע מינוט... מיט אַמאָל...

ZIGFRIED

**זיגפריד:**

כאַפּט אונטער. אַ קורצע צייט איז דיר בעסער... אין ווייטער דאָס עלנבע. . צרות, נעונד... גרויסע איבערלעבענישען... אַ לעבען פול מיט לייד און פּיין...

**אַלפרעד:**

ער שפּרייזט האַסטיג איבער די שטיב, אויסגערעגט הין און צוריק, נאָך אַ ווײַלע, שטעלט ער זיך אָב נעבען זיגפרידן, רעדט צו-אים מיט אַ ציטעריג קול. מיר קינסטלער ווערען ערשט ריכטיג פאַרשטאַנען, נאָכ'ן טויט: אחרי מות קדושים — אונז קומט-אויס כסדר הונגערען, ווייל די גרויסע געזעלשאַפט אינטערעסירט זיך נישט מיט אונז... מיר לעבען נאָר אין אונזערע ווערק — אונזערע יאָרען פאַרברענגען מיר אין איינזאַמקייט און גייען-אויס שטילערהייט, אין אַ פאַרוואָרפען ווינקעל... ציטעריגער, אַזוי לעבען און שטאַרבען אונזערע קינסטלער.

פּויזע.

**אַלפרעד:**

פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען, רעדט ווי אין חלום. געדענקסט, כ'האָב אַמאָל גע'חלום'ט — —

**זיגפריד:**

פאַרטראַכטערהייט. פון אַ נייע ריכטונג אין דער קונסט..

**אַלפרעד:**

אין עקסטאַז. דער קינסטלער דאַרף נישט טריי קאָפּירען ס'לעבען, נאָר איבערגעבען זיינע חלומות, וויזיאָנען, ווי ער

האָט זיי געזעהען: פון דער הויך פון זיין געפליגעלטער פאַנטאַזי... דערפאַר, איז יעדע שאַפענדיגע קראַפט, יעדעס אָריגינעלע וואָרט, ניי ווערק ווערט באגריסט צו ווערען...

**זיגפריד:**

אמת.

**אלפרעד:**

דערשלאָגען. כ׳האָב אָבער שוין פארגעסען אין דעם. —

**זיגפריד:**

קוקט פארוואונדערט אויף אים.

**אלפרעד:**

נאָך אַ ווײַלע. ווי נאָר ס׳בליצט־אויף אין מיין קאָפּ אַ געדאנק, ס׳ווערט געבוירען באַ מיר אַ נייע אידעע און כ׳וויל זי אַדורכפירען אינ׳ם לעבען, טרעף איך שטענדיג אויף שוועריגקייטען... דערשלאָגען. מיין וועג איז פול מיט דערנער.. כ׳לויף אַ ווילדער פון זיך... אַ מחנה שונאים באַגלייטען מיך מיט אַ געפייפעריי... און כ׳פאַל אַ צובליטיגטער אויף דר׳ערד...

**זיגפריד:**

שווייגט.

**אלפרעד:**

מיט יאוש. אָבגעגאַרטע האָפענונגען — זעה איך פאַר מיר... צוטרעטען אין שטויב, ליגען מיינע שענסטע חלומות... צובראָכענע אידעאַלען...

**זיגפריד:**

?...

אלפרעד:

אלץ... אלץ האָב איך פאַרלוירען.

פויזע.

זיגפריד:

גייט צו־איט, רעדט הארציג. דו דאַרפסט נישט אַריינפאַלען אין יאוש.

אלפרעד:

שטייט טיף פארטראכט

זיגפריד:

מיט פאטאס ס׳וועלען נאָך אַמאָל מקיום ווערען דיינע חלומות — —

אלפרעד:

ווי פון שלאף. די האָפענונג טליעט טיף אין הארץ, גיט מיר כח אַריבערצוטראָגען מיינע שווערע ליידען...

זיגפריד:

ווי פריהער. פאַל באַ דיר נישט אַראָב. נעם דיך אויפס׳ניי צו דער אַרבעט, מיט פרישען כח.

אלפרעד:

פאנטאזירט. כ׳וועל אַוועק ווייט, ווייט פון מענטשען און שטאָט־געטומעל, מיך אויסטוען אינגאַנצען פון די הבלי עולם הזה — זיצען אין מיין שטילען אַטעליר און שאַפען... צוגעבענדיג. כ׳וועל אויפוועקען באַם פאָלק, די ליבע צו דער נאַטור און דעם חשק צו אַ רוהיג לעבען...

### זיגפריד:

מיט אַ הייטען קוק. אונזער וועג איז פול מיט דערנער... ער פירט צו זיג.

### אַלפרעד:

מיט פייער. די אָנקומענדיגע צייט וועט מיך קרוינען. מיך טרעפען — אַן אָנערקענטען קינסטלער! לויפט אָב, קומט באַלד צוריק מיט צווי דינער, זיי טראָגען אַרויס ס'בילד ער גייט שטיל נאָך זיי, בא'ם אַרויסגייען פאַרניגט ער זיך פאַר זיגפריד'ן, פאַרשווינדט.

### זיגפריד:

קוקט אים נאָך, בלייבט שטיין פאַרטראַכטערהייט. קורצע פויזע. — מ'קלאַפּט אין טיר.

### זיגפריד:

אַריין!

## צווייטע סצענע

### זיגפריד — דער מאָדעל

קומט אַריין — אַ יונגע פרוי, מיט שוואַרצע ברענענדיגע אויגען, רירעוודיגע באַוועגונגען — טראָגט אַ קיישעל מיט אויבס אין דער האַנט.

### זיגפריד:

שמייכעלט גוטמוטיג. יעצט קומט איר. אַזוי שפּעט?

### דער מאָדעל:

אונטערטעניג. האָט קיין פאַראיבעל נישט. — צוגעבענדיג. מ'איז פאַרהאָרעוועט... פאַ יאָגט... דער עול פּרנסה דריקט... מ'פאַרגעסט אָפט אין אַלץ...

**זיגפריד:**

באזוצט זי אין א באשטימטער פאזע, שטייט און קוקט א ווײלע אויף איר פון דערווייטען, זעצט זיך הײבט אן מאלען — פרעגט זי ליבליך.

**מיט-וואס האנדעלט איר?**

**דער מאָדעל:**

הייזט מיט דער האנט אויפ'ן קײשעל, קאלט. **אָט, וואָס איר זעהט... איז מיין גאנץ פארמעגען...** נאָך א ווײלע. **ס'קען קוים קלעקען פאר איין מענטש פרנסה בדוחק... ז בען נפשות וואַרטען אין דערהיים, אויסקוקענדיג די שפייזערין זאָל ברענגען צועסען — הונגערט מען גאנצע טעג, מ'פארברענגט א לעבען ווי אין תפיסה...** צוגעבענדיג. **מ'האָפט אָבער אַלץ, אַז ס'וועט בעסער ווערען... און דערווייל —**

**זיגפריד:**

**די האָפענונג.** — צייכענט.

**דער מאָדעל:**

געקרענקט. **מ'ליידט און מ'האָפט... ס'ווערט אַלץ ערגער — מיר פאַרלירען נישט די האָפענונג...** זיפצט. **עך, מיר קווילען זיך זעהר שטאַרק! איידער אַזאַ לעבען פאַרברענגען, איז שוין גלייכער צו שטאַרבען!** וויינט.

**זיגפריד:**

פאַרווינדערט. **ווי קענט איר אַזוי רעדען? אַ לעבענדיגער מענטש, טאָר די האָפענונג נישט פאַרלירען... ס'איז בעסער אַ לעבענדיגען וואָרעם, איידער אַ טויטען לייב... ווען ס'איז אונז גוט, פאַרגעסען מיר שפעטער אָן אַלץ...** קוקט אויף איר א לענגערע צייט, צייכענט.

## דער מאָדעל:

*רעדט נאָר טרערען שטיקען זי.* מיין קינד איז קראַנק געװאָרען... אויף שווינדזוכט... *קריגט* אָפּט קאָנוואַלסיע, פאַלט אַוועק אין חלשות... שפּייט מיט בלוט... *דערקלערט.* דאָקטוירים זאָגען: ס'דאַרף האָבען גוטע באַהאַנדלונג... ווי קען איך עס געבען? *שלוכצענדיג.* כ'זעה, חי מיין קינד גייט-אויס און כ'קען עס נישט העלפען — ווייל, מיר פעהלען געלט-מיטלען, עס צו דערהאַלטען בא'ם לעבען...

## זיגפריד:

*געריהרט.* באַרוהיגט אייך...

## דער מאָדעל:

*שפּריגגט אויף, בערוהעז.* וואָס האָבען מיר פון לעבען? וואָס גיט עס אונז? *פאַרביסען.* גבירים קענען אַלץ זיך פאַרגינען, אויסטראַכטען פאַרשידענע פאַרגעניגענס: זיי שפּירען די תענוגי עולם הזה — אָבער מיר... *מיט א ציטעריג קול.* וויפיל נעכט האָב איך שוין פאַרברענגט וואַכערדיגערהייט, אויף מיין געלעגער? אין גרויסע נויטען בין איך שוין געווען, אין מיין לעבען — *צוגעבענדיג.* שטענדיג אָבער מיר געקענט העלפען... *היסטעריש.* יעצט, בין איך שוין שוואך... די כחות פאַרלאָזען מיך...

## זיגפריד:

*נייגעריג.* וואָס איז געשעהען? דערציילט. —

## דער מאָדעל:

*א מאַך מיט די האַנט.* מיר זענען אַלע פאַרפאַלען...

אונזער לעבען גייט באַרג אַראָב... העכער. מיין מאַן, וואָס, האָט תמיד געאַרבעט: פאַרדינט אויפ׳ן טרוקענעם שטיקעל ברויט, איז פלוצלינג קראַנק געוואָרען... דערקלערט. ער דאַרף האָבען אַנ׳אָפעראַציע — דאָקטוירים זאָגען אָב אים ס׳לעבען. ער ראַנגעלט זיך מיט׳ן טויט...

## זיגפריד:

מיט א פאַרכאַפטען אָטעם. וואס טוט איר דערצו —

## דער מאָדעל:

פאַרקוקט אין דער ווייט. מיר וואַרטען אויף עפעס אַ נס זאָל געשעהען... אַ גרויס ווינדער... מיט בטחון. מיר האָפען אז גאָט וועט העלפען... כמעט קינדיש. מיר האָבען שוין געהערט אַזעלכע מעשיות. מיט פאַרגלייזטע אויגען צום הימעל. גאָט דערהערט אונזערע שטילע זיפצען און תפילות... ער וועט אונז אַרויסהעלפען פון דער נויט... ער מוז העלפען...

וויינט יאָמערליך. אָך, מיין פינצטער לעבען! מיין טרויריג מזל! —

## טעאָדאָר:

קומט אריין.

# דריטע סצענע

## די פריהעריגע און טעאָדאָר.

## טעאָדאָר:

פאַלט אויף א שטול. עך, בין איך מיד... געלאָפען אַזאַ ווייטען מהלך... צו זיגפריד׳ן. איר ווייסט, וואו ס׳איז דאָס

אַלטע בית-החיים? פֿון דאָרט קום איך אזש איצטער
צוגעבענדיג. אפשר, דריי מייל וועג צופֿוס געגאַנגען.

זיגפֿריד:

איראָניש. וואָס טוט איר אויפ'ן בית-החיים? איר
אָרגאַניזירט די מתים? אַהאַ, איר זוכט דאָרט שטימונג...

טעאָדאָר:

אין פֿאַרלעגענהייט. עי, כ'אַרבעט דאָרט — באַ'ם מצבה-
קריצער. באַמערקט דעם מאָדעל. ווער איז דאָס?

זיגפֿריד:

ענטפֿערט נישט.

טעאָדאָר:

שלעפּט אַרויס שנעל אַ'אַלבאָם פֿון טאַש, אויפֿגעלעבט. כ'וועל
זי סקיצירען... צייכענט. וואָס פֿאַר אַ אויגען?.. קוקט אויף איר
אָן אַ זייט אָט אַזוי... איינס, צוויי, דריי... וועט זי זיין
פֿאַרטיג... צייכענט שנעל.

זיגפֿריד:

גלייכגילטיג. דער סעאַנס איז געענדיגט. אַ דאַנק. —

דער מאָדעל:

שטייט אויף.

טעאָדאָר:

רעדט ווי צו זיך אַליין. אָט, באַלד... ענדיג איך... נאָך
אַ מינוט...

דער מאָדעל:

גייט אַרויס.

# פערטע סצענע

## טעאָדאָר — זיגפריד.

### טעאָדאָר:

דערזעהט אז זי איז נישטאָ, כאַפּט זיך אזש אָן פאר'ן קאָפּ.

אָיואַ! ז'האָט מיר אַלץ קאַליע געמאַכט. באַדויערט. ס'האָט געקענט זיין אַ שיינע סקיצע, פאַר אַ סקולפּטור-ווערק!

אַ שאָד! פאַרטראַכט זיך.

שווייגע.

### טעאָדאָר:

נאָך אַ ווײַלע. הונגעריג בין איך...

### זיגפריד:

שווייגט.

### טעאָדאָר:

כ'האָב קיין געלט אויך נישט...

### זיגפריד:

גלייכגילטיג. אפשר וועט אַלפרעד ברענגען צו עסען.

### טעאָדאָר:

מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. עך, מיר ליידען...

### זיגפריד:

אַזוי איז אונזער גורל.

פּויזע.

### טעאָדאָר:

אויפגעלעבט. איר האָט כאָטש געלייענט דאָס היינטיגע אַרטיקעל: „פון דער קונסט-אויסשטעלונג?.. מיט פרייד.

מ׳שרייבט דאָך וועגען מיר... און מיינע סקולפּטור-ווערק... ווערען שטאַרק געלויבט.

**זיגפריד:**

סארקאסטיש. אויב מ׳האָט נאָר אָבגעשטעלט זיך אויף זיי, איז שוין אַ סימן: אַז זיי שטייען נישט „נידריגער" פון דער קריטיק".— רוהיגער. אפשר וועסטו מיט דער צייט עפּעס שאַפען... מיט חניפה. דאָס באַווייזט, אַז מ׳לייגט שוין האָפענונגען אויף דיר.

**טעאָדאָר:**

מיט ביטול. באַפּליעוואַט! בין איך אַ קינסטלער, מוז איך וויסען וואָס כ׳שאַף. אלא נישט... די קריטיק קען נאָר העלפען די זאַך שלייפען, פּאָלירען, געבען די געהעריגע פאַרב, אָבער—נישט שאַפען אויפ׳ס ,ניי"... ווי פריהער. ווילסט הערען וואָס מ׳שרייבט וועגען מיר? נעמט ארויס אַ ציימונג, וויל שוין לייענען, רייסט איבער. זאָל איך דיר פוירלייענען, צי נישט?..

**זיגפריד:**

נישט-געדולדיג. לייען. וועט מען הערען...

**טעאָדאָר:**

לייענט. מיר קומען אַריין אין די זאַלען פון דער אויסשטעלונג, פון אַלע זייטען ווינקען אַראָב צו דיר בילדער, סטאַטועך.. רייסט איבער. דאָס ברויך איך דאָך נישט צו לייענען. לייענט ווייטער. מיר שטעלען-זיך-אָב אויף די סקולפּטור ווערק פון ט. ש. און מיר דערזעהען אַ קינסטלער מיט פאַרשטענדעניש פאַר זיין קונסט. כאָטש מיר קענען

אָנוויזען פּעלערען: די נישט קינסטלערישע אויספירונג, די טיפען זענען ווייניג פאַרונדטע — זיי מאַכען אָבער אַ שטאַרקען איינדרוק מיט זייער רעאַלער באַהאַנדלונג, פּשטות און אונז דוכט־אויס, אַז מיר האָבען פאַר זיך אַ שטיק לעבען... לעבענדיגע טיפען און געשטאַלטען... מיר פאַרגעסען גאָר, אַז פאַר אונז שטייען גיפסענע פיגורען, בראָנז אויסגעגאָסענע בילדער און פון מארמאָר אויסגעהאַקטע שטיינער: מיר זענען זיכער, אַז אונזער קינסטלער וועט ערשט אָנהייבען שאַפען און באַזייטיגען די פעלערען וואָס שטערען יעצט באַטראַכטען זיינע ווערק... פול מיט פרייד. וואָס זאָגסטו דערצו? מ׳לויבט דאָך מיך... נאַיוו. צי איז׳ס אמת, וואָס מ׳שרייבט וועגען מיר? קוקט מיט חשד־בליקען אויף אים.

## זיגפריד:

מיט ביטול. זאָלען זיי שרייבען — די לייט. קלאַפּט אים אויף די פּלייצעס. מאָלאַדיעץ! פון דיר וועט שוין אַרויסקומען, אַ לייט! — באַקוקט אים אויילע, פרעגט הכנעה׳דיג. כ׳בעט דיך... פאַרוואָס ביזטו אַזוי... נישט אַנשטענדיג... אָרים אָנגעטוען... צוגעבענדיג. ס׳איז פשוט אין אַזאַ הילוך, אַ חרפה אַרויסצוגייען אויף דער גאַס.

## טעאָדאָר:

בלייבט שטייען דערשלאָגען, באַקוקט דאָס קליידונג. די ביזט גערעכט. מיט טרערען אין ד׳אויגען. וואָס זאָל איך אָבער, טוען? ס׳קלעקט נישט אויף עפּעס בעסערס... כ׳פאַרדין בדוחק

אויפ'ן טרוקענעם שטיקעל ברויט... צוגעבענדיג. און דאָס אויך נישט פון דער קונסט.

## זיגפריד:

גיפטיג. די קונסט גייט בעטלען— אמת.

## טעאָדאָר:

שלאָגט אים איבער, מיט האַס. וואָס אינטערעסירט מיך די גאַס: דער פּוסטער הו-האַ און געטומעל — ער איז מיר פרעמד, ווייט פון מיין נשמה... די מענטשען מיט וואַסערדיגע אויגען און נאַריישע תאוה-בליקען — זאָל איך געפעלען? כ'לויף פון זיי מיין גאַנץ לעבען... צאַרטער. כ'אַנטלויף צום שטילען לעבען — ווי דער געדאַנק איז פריי, די פאַנטאַזי שפרייט אירע פליגעל אויס און זי שוועבט העכער פון בלאָטיגען ערדישען חלול... פארקוקט אין דער ווייט. אָט, איז מיין שטערען! מיין ליכטיגע זון! —

ש ו ויי ג ע ן.

## טעאָדאָר:

פלעגמאַטיש. אפשר װעל איך אַמאָל צייט האָבען, אַ טראַכט צוטוען: שיין אָנטוען — ווי ס'פּאַסט פאַר אַ קינסטלער.

צוגעבענדיג אָבער, היינט... גייט ארויס.

# פינעפטע סצענע

## זיגפריד — ער און זי

קומען אריין,ביידע געאָרעמט האַנט בא האַנט, ווי אונטער אַ היפנאָז קוקט איינער אויפ'ן צווייטען- זיי שיינען פאַר נחת.

**ער:**

צו זיגפריד'ן. **איז ה' הימעלפאַרב נישטאָ אין דערהיים.**

**זיגפריד:**

עלעגאַנט. **ניין. ער דאַרף אָבער באַלד אָנקומען.**

**זי:**

מיט אַ שמייכעל. **מיר וועלען צו־וואַרטען –**

**זיגפריד:**

גלייכצייטיג. **כ'בעט, זיצט.** טראָגט אונטער שטולען, זיי זיצען און שווייגען.

**אַ שטילקייט.**

**ביידע:**

באַקוקען אַ ווײַלע שטיל די פאַרשידענע געמעלער און סטאַטוען, אַר שטעלט־אָב זיין בליק אויף אַ פרויען־קאָפּ, זי לאַכט שעלמיש, הויך אויפ'ן קול.

**ער:**

אין התפעלות. **וואָס זאָגסטו דערצו?**

**זי:**

קאָקעטיש. **זי געפעלט ־דיר...**

**ער:**

פינטעלט מיט ד'אויגען. **דאַכט־זיך... דאָס איז מיינס אַ גוטע באַקאַנטע...** פאַרכאַפּט זיך. **ניין, כ'האָב אַ טעות געהאַט. ס'האָט מיר נאָר אויסגעוויזען, אַז כ'קען זי.**

**זי:**

קומט אַריין אין די ראָל. **יאָ, דו קענסט זי... דו**

פאַרברענגסט אָפט מיט איר — כ'וועל עס דיר אויפווייזען.

קוקט אויף אים מיט לאַכענדיגע אויגען, ער שטייט מיט אַנ'אראָבגעלאָזטען קאָפּ.

**ער:**

נייגעריג. **ווער איז זי?**

**זי:**

שטאָלץ. **דאָס בין איך.**

**ער:**

מיט א לייכטען פאַרוואָרף. **האָסטו פאַר מיר באַהאַלטען דעם סוד.**

**זי:**

מיט שמייכלענדיגע אויגען. **כ'האָב געוואָלט דיר מאַכען אַ סיורפּריז. דיך איבעראַשען —**

**ביידע:**

לאַכען צופרידען.

**אַלפרעד:**

קומט אריין.

# זעקסטע סצענע

## די פריהעריגע און אַלפרעד.

**אַלפרעד:**

דערזעהט זיי רופט אויס פרייליך, **אַ, ווענען האָב איך דעם כבוד צו זעהען בא מיר אין הויז. וואָס פאַר אַ ליבע געסט.—** דריקט זיי פריינטליך די האַנט. **וואָס מאַכט איר עפּעס, מיינע ליבע? וואָס דערציילט איר נייס?**

ער:

גלייכצייטיג צו אלפרעד'ן. מיר האָבען שוין אויסגעקוקט, אייער גאנצער בילדער גאלערי —

אַלפרעד:

שנעל. ווי האָט זי אייך געפאַלען...

ער:

מיט חניפה. זעהר גוט.

אַלפרעד:

אָן א זייט צו איר. פאַרוואָס ביזטו געכטען נישט געקומען... כ'האָב געוואַרט אויף דיר... כ'בין געוועזען איינער אַליין...

זי:

שעפטשעט. כ'האָב אים נישט געקענט פטור ווערען. ער איז מיר נאָכגענאַנגען ווי א שאָטען... לויט מיר ווילען פאַרברענגען היינט פריילי‍ך ערגיץ-וואו, אַלפרעד, איר גייט מיט אונז?

אַלפרעד:

מיט א קאָמפלימענט מיט אייך וואָלט איך שטענדיג געוואָלט צוזאַמען זיין.

ער:

האָט געוואָרפען א בייזען בליק אויף אלפרעד'ן.

שווייגען.

אַלפרעד:

ברענגט אהער דאָס בילד, שטעלט עס אוועק פאר זיי. כ'בין

שוין גייגעריג צו חערען, אייער מבינות דערוועגען.. צו אים.
ודי געפעלט עס אייך? איז עס מיר כאָטש, געלונגען?...

**ער:**

באקוקט עס. שיין! קלאפט אים אויף די פלייצעס. איר זענט
אַ קינסטלער, אויב איר האָט עס געשאַפען.

**אַלפרעד:**

צו איר וואס שטייט אָן א זייט, מיט חניפה. וואָס זאָגט מיין
שיינער אָרגינאַל, פון וואָס מיין בילד איז נאָר אַ שוואַכע
קאָפּיע —

**זי:**

נעמט אָן א מאיעסטעטישע פּאָזע, רעדט ווי אין דער וועלט אריין.
מיר האָבען שוין געזעהען שענערע און ערגערע זאַכען.

**אַלפרעד:**

געטראָפען. הייסט עס —

**זי:**

מיין אַנערקענונג. בייגט־זיך־איבער צו אַלפרעד׳ן און גיט
אים א לייכטען קוש אין שטערען, ער האָט אַ ציטער געטוען, זי מאכט
זיך נישט דערפון.

**ער:**

פארבייסט אזש די ליפּען. דו פאַרגעסט, אַז איך בין דאָ

**זי:**

שעלמיש, ווערסט דאָך מיר נישט שטערען, מיין קאַפּריז.
מיט א געמאַכטער ליידענשאַפטליכקייט לויפט זי צו אַלפרעד׳ן, לויט.
כ׳בין עפּוּר פאַר פרייד... כ׳מוז דיך האַלזען און קושען...

כ׳דאנק דיר — פאַר די מתּנה, וואָס ד׳האָסט מיר געשאָנקען...
כאפט אים ארום און קושט פיבעריג, אומארמונג.

פּ ו י ז ע.

אַלפרעד:

באפרייט זיך פון אירע אָרעמס, זאָגט צו אים פארשולדיגט.

זייט מיר מוחל.— אַבּארט. וואָס אַ פרוי קען? אַ קאַפּריז... הערכער.
מ׳מוז אָבער אָפט זיי פאַרגעבען, צוליב זייער לייכטזין.
לאכט פארלעגען.

ער:

שווייגט.

אַלפרעד:

לויט. מאָרגען שיק איך אָב אייער בילד. אַדיע!
פארנייגט זיך עלעגאַנט, גייט ארויס.

זי:

מיט אַ שמייכעל. אַדיע, מיין ליבער! ווארפט איס צו אַ פּאָר לופט־קוש.

פּ ו י ז ע.

# זיבענטע סצענע

## ער און זי.

ער:

לויפט איבער דער שטוב אין דער גרעסטער אויפרעגונג, שטעלט זיך אָב, קוקט אויף איר מיזיש, ביטער. ווי נידריג דו ביזט געפאַלען...

**זי:**

קאָקעטיש. **ווען מיינסטו —**

**ער:**

מיט שפּיזיגע בליקען. **דיך.** פּאַרביסען. **מיט יעדען איז מען אויסגעקאָכט, גוט-ברידעריש; צו יעדען איינציגען מאַנספּאַרשוין וואַרפֿט מען אייגעלעך, שאַרט מען זיך צו...**

**זי:**

שלאָגט אים איבער, בייז. **האָסט מיר שוין אָנגעהויבען מוסר זאָגען —**

**ער:**

**גענוג! ס'קען אַזוי נישט זיין! —**

**זי:**

גיפֿטיג. **דו ביזט אודאי אייפֿערזיכטיג געוואָרען, וואָס כ'האָב אַ פֿרעמדען מאַנספּאַרשוין געקושט... כ'לאַך דערפֿון!** לאַכט.

**ער:**

וויל עפּעס זאָגען.

**זי:**

ליידענשאַפֿטליך. **דו ווייסט, אַז כ'ליב דיך... נאָר דיך אַליין...** מיט קינדערשע תּמימות. **כ'קען שוין צו אַ צווייטען נישט געהערען.**

**ער:**

מיט שטראַלענדיגע אויגען. **דו ביזט מיינע —**

זי:

פעסט. יאָ. דיינע בין איך... מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיין נשמה...

ער:

מיט אַמאָל. דו פייניגסט מיך. ווילד. זיי דיך מודה, אפשר האָסטו אין זין אַ צווייטען — נישט מיך; דו טרייבסט נאָר מיט מיר שפּאַס. אויפגעלעבט. דו מיינסט טאַקע מיך מיט'ן גאַנצען האַרץ, פון די טיפענישען פון דיין נשמה...

זי:

ציהט זיך צו אים. כ'ליב דיך זעהר שטאַרק... מיט געבעט. ליב מיך און די גאַנצע וועלט איז דיין — — —

ער:

טריומפירענדיג מיר וועלען זיין גליקליך.

אומאַרמונג.

ער:

מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם. כ'וועל מיך מקריב זיין פאַר דיר: וואָרגען שטענדיג ווי דיין לאַגע צו פאַרבעסערען, ווי דיך צופרידענשטעלען... כ'וועל דיך אָבהיטען ווי ס'שוואַרצע אַפּעל פון אויג...

זי:

פאַרקוקט אין דער ווייט. מיר וועלען מיט דער צייט גרויס און רייך ווערען. נאָך אַ ווײַלע. מיר וועלען אַרבעטען לטובת הכלל, פאַר דער גאַנצער מענשהייט. פאַרחלומ'ט. טויזענטער דאַנק וועלען יעדען טאָג צו אונז קומען פון אַלע עקען

וועלט, מתנות און לאָרבער-קרענץ וועלען אונז געלייגט ווערען צו די פיס. . מיר וועלען טרעטען אויף אַ בלומען-וועג... איינער דעם אַנדערען ליבען און זיין געליבט...

**ער:**

שעפּטשעט שטיל. מיר וועלען זיין די גליקליכסטע מענטשען אויף דר׳ערד — — —

**פּויזע.**

**ער:**

פירט זי אַרויס געאַרעמט,ביידע גייען ווי בלינד צו דער טיר

קום, מיר וועלען אָנהייבען שפּינען דעם נייעם חלום...

**זי:**

ווי היפּנאָטיזירט. מיר גייען צו די טויערען פון אונזער גליק — — —

**ביידע:**

גייען אַרויס.

# אַכטע סצענע

## קולות—די משוגענע׳ס קול.

אינטער די בינע ווערט אַ באַוועגונג, מ׳דערהערט אַ הילכיג געלעכטער פון אַ גרויסען עולם און פאַרשידענע קולות — שטורמישע אָוואַציעס, מוזיק שפּילט.

### קולות:

**פון עולם.**

— **הידד!**

— זאָל לעבען דאָס יונגע פּאָר!

— הוראַ!

מוזיק שפּילט וואָס אַמאָל אַלץ שטילער ביז זי פאַרשטומט.

פּויזע.

## די משוגענע'ס קול:

פון אונטער די קוליסען. הוי-האַ! אוף! כ'האָב געזוכט ליבע צווישען מענטשען און נישט געפונען... דער אמת ווערט פאַרלייקענט... כע—כע- כע! די מענטשען זענען פאַלש... מאַסקירט... כי—כי—כי! כאָ—כאָ—כאָ! לאַכט מיט אַ משוגה'דיג קול, פאַרגייט אין געוויין.

# ניינטע סצענע

## די משוגענע:

וויקעלט-זיך-אריין ווי אַ שלאַנג אויף דר'ערד. איינגעהילט אין צוריסענע בגדים דאָס פּנים געל, איינגעשרומפּען, איינגעצלענע שטריכען זאָגען עדות פון אַמאָליגער שיינקייט, ד'אויגען בליצען מיט פייער — זי ווערט ארומגערינגעלט פון אַ מחנה קינדער וואָס לויפען איר נאָך, ווארפען שטיינ ר און בלאָטע אין פּנים אריין — זי לאַכט ווילד און קוקט אויף זיי מיט באַטרונקענע אויגען.

## די משוגענע:

שפּרינגט אויף מיט משוגה'דיגע הועיות, קרימט נאָך זיי.

איר לאַכט?... כאַ — כא — כאַ! ווילד. איר זענט יונג... שפּעטער — אוף! ווי אַ סוד. כ'האָב אַמאָל... געהאָפּט און אוף — געפאַלען... דערשראָקען. וואָס איז געשעהען..? פ—י—ו! אַנטלויפט! כ'שיס! אַ פייג!

יאָגט די קינדער איבער די בינע, זיי לויפען אוועק אין פֿאַרשידענע זייטען און קומען באַלד צוריק, זי בלייבט שטייען אין אַ קאָמישער פּאָזע.

פּ ו י ז ע.

די משוגענע:

רעדט צום עולם. כאָ—כאָ—כאָ! איר געדענקט נאָך אים... זיין שיין פּנים... כע—כע—כע! האַלט נאָך. תּמיד געזעסע באַ מיר... שטענדיג פאַרבּרענגט מיט מיר... איבעראַל... כאַ—כאַ—כאַ! כי—כי—כי! ווי אַ סוד. מיר זענען געווען חתן כּלה... שנעל. מיט אַמאָל... ר'האָט אויפגעהערט קומען צו מיר — ר'איז פאַרשווינדען. שטעלט אָן אַפּאָר גרויסע אויגען. ר'איז דערגאַנגען... אַז כ'האָב שוין נישט מעהר קיין געלט... כי—כי—כי! יאָמערט. ר'האָט מיר אַלץ צוגענומען,.. מיד באַ'גנב'עט... און איבערגעלאָזט אַליין... העפטיגער. אין אַ פּאָר חדשים ארום איז געבוירען געוואָרען... אַ קינד... ווילד. כ'האָב שפּעטער דערשטיקט עס... דערשראָקען וואָס האָט ער געוואָלט, פון מיר? וואָס האָט ער צו מיר געהאַט? וואָס האָט ער געוואָלט..?! פאַלט אַנידער אויף דר'ערד, רייסט די האָר פון קאָפּ, וואָיעט מיט ווילדע קולות.

פּ ו י ז ע.

די משוגענע:

שפּרינגט אויף, לאַכט ווילד. כאָ—כאָ—כאָ! כי—כי—כי. הו - הו! אוף! כ'האָב געזוכט ליבע צווישען מענטשען און נישט געפונען... דער אמת ווערט פאַרלייקענט... כע—כע—כע! די האָפּענונג איז פאַלש... זי נאַרט שטענדיג אונז אָב...

כי—כי—כי! כאָ—כאָ—כאָ! מאַ־שירט אָב מיט אַנ׳ארויסגעשטופּטער ברוסט און גלייך ווי אַ זעלנער, מאַכענדיג פאַרשידענע נאַרישע גרימאַסן, יי קינדער באַגלייטען זי מיט אַ הילכיג-קינדעריש-געלעכטער, מ׳הערט עס נאָך אַ לענגערע צייט ביז עס פאַרשווייגט.

# צעהנטע סצענע

## אַרטור — באָריס.

קומען אַריין טיף־פאַרטראַכט, פאַרזינקען אין געדאַנקען, זיצען און שווייגען.

### אַרטור:

פאַרקוקט אין דער ווייט. מ׳ליידט און מ׳האָפט... יחידים זענען מקריב זייער לעבען צוליב׳ן אידעאַל, ס׳קעמפען פאַרטייען פאַר פּראָגראַמען, אַ וועלט מענטשען שאַפט און יאָגט צום ציל... פאַרווינדערט. זעהען זיי זייערע חלומות אַדורכגעפירט אינ׳ם לעבען? פעסט. ניין, זיי פאַלען אויפ׳ן וועג צו זייער נצחון. די זיגער זענען מידע, דערשלאָגענע: שטענדיג טרעפען זיי גרויסע שוועריגקייטען אויפ׳ן וואַנדער־וועג, אַלץ איז פרעמד צו זיי - גליקליך זענען זיי קיינמאָל נישט... מיט אמאָל. לאָ׳מיר נעמען ס׳לעבען אַזוי ווי ס׳איז. אויסנוצען עס פאַר אונזער טובה וועגען: נישט אָבלייגען תמיד אויף שפּעטער, וואַרטען אויף דער קומענדיגער צייט. .

### באָריס:

פאַרטראַכט. ווי קען איך מיך צופּאַסען צו די אַרומיגע באַדינגונגען: אַלץ איז אַזוי גרוי און איינטעניג, פאַרזינקען אין שמוץ פון דעם וואָכעדיגען לעבען, פון די קליינע

גראָשענדיגע אינטערעסען... העכער. כ'מוז אָברייסען מיין אויג פון דאַנען און קוקען ווייטער: דאָס מאַכט מיך שוין פאַרחלום'ט-זיין, האָפען אויף אַ בעסערע מינוט אינ'ם לעבען — — —

## אַרטור:

אויפגעלעבט. נאָר האָפען... דאָס מאַכט ס'לעבען שענער און דערהויבענער. דער מענטש קוקט שטענדיג אין דער ווייטקייט אריין: אזוי איז ער מיט אַלע זיינע פעדעם צוגעבונדען צו די ערד און דאָס נויט אים גוט צו לעבען מיט זיינע שכנים. —

פויזע.

## באָריס:

פאנטאזירט. כ'זעה מיין חלום ווערט מקוים: די ערד וואס איז באַוואשען מיט מענטשען-בלוט — איז אויסגעטריקענט. דאָס כלי-זיין ליגט צושמאָלצען אויף אַקער-אייזענס קאָסעס און זיי באַארבעטען דאָס לאַנד. דער פרייער מענטש שפאַצירט ארום, ווי אַ פויגעל, אויף די ערד. אין עקסטאז. בישטאָ קיין אונטערדריקער און דערדריקטע. אלע זענען גלייך... אלע זענען: צופרידענע, זאטע און יעדער איז פו מיט גוטע מעשים. ס'הערשט שלום און אחדות אויף דער גאַנצער וועלט — — —

## אַרטור:

פארזינקען אין זיינע געדאנקען, זיפצט. די גע‍לע פרעסע הערשט אין לאַנד, חברה שמירער פאַרפעסטען די

ליטעראטור: די יוגענט ווערט דעמאָראַליזירט... דער פראָסט‌ער המון איז פאַרדאָרבען... מיט שנאה. ס'איז אַ הפקר־וועלט און טונקעלע נפשות פאַרנעמען דעם אויבען אָן. נאָך אַ ווייל. אונזער מיה, דורות־לאַנגע קולטור־אַרבעט ווערט אומגעבראכט; דער קונסט־טעמפעל ווערט חרוב ומוחרב — —

מיט בטחון. ס'מוז אָבער בעסער ווערען. ס'וועט בעסער ווערען. רופט אויס. די נייע צייט קומט, זי וועט מיטברענגען פרישע שנוים אינ'ם לעבען! אויף די אַלטע חורבות, וועט אַ ניי לעבען געבויט ווערען! —

באָריס:

פארטראַכט. מיר אַלע טראָגען זיך אַרום מיט אַנדערע חלומות. האָפענונגען אָדער — פלענער...

אַרטור:

אָן אַ זייט. מיר מענטשען האָפען אויף דער נייער צייט! אויף דאָס גרויסע, שיינע, אין אונזער לעבען! מיר בענקען, צו דער זון! —

פּ ו י ר ה אַ נ ג.

# ס'לעבּעז רופט

## פסיכאָלאָגישער עטיוד

## אין איין אקט.

# פארשוינען:

ער — אַ ליידענפול פנים, טיפע פאַרטראַכטע אויגען — אַ יונגער שרייבער.

זי — אינ'ם געשטאַלט, „דער מלאך פונ'ם לעבען".



שפעט בײַ נאכט. ס'איז קײנער אין שטיב נישטאָ.
נאָך אַ װײַלע, גײט „ער" אַרײַן מיט שטילע
טריט, קוקט פֿאַרװײנדערט אַרום זיך, מיט
פֿאַר'חלומ'טע אויגען. קורצע פּויזע —

ע ר: (גײט איבער די שטיב, רעדט) אַלץ ס'אײגענע. (טרויעריג)
כ'װאַנדער אַרום אײנער אַלײן מיט אַ שטומען-װײ,
נע ונד — און אַלץ גײט זײַן נאַטירליכען װעג — —
(נאָך אַ װײַלע) ס'איז מיר שוין אָבגענומען דער חשק
צום לעבען. כ'האָב פֿאַרלוירען דעם אינטערעס צו-
אַלץ, װאָס רינגעלט מיך אַרום. כ'פֿיהל: װי די דינע
פֿעדעם, װעלכע באַהעפֿטען מיך מיט די אַרומיגע,
פּלאַצען אײנציגװײז, אײנציגװײז — — װער װײסט, װי
אַזוי כ'װעט ענדיגען זיך מײַן לעבענ-לויף?..
ע ר: (זעצט זיך פֿול מיט יאוש, דערשלאָגען) װי אַ שאָטען דרײ
איך מיך אַרום צװישען די מענטשען, נ שטאָ

אַנ׳אָרט, וואָס זאָל מיר געבען רוה: אַלץ וואַקעלט זיך, די ערד בייגט זיך אונטער מיינע פיס און מאַכט נישט זיכער מיין וועג... מיט גלעזערנע אויגען קוק איך אויף יעדער זאַך, קאַלט און רוהיג בין איך שטענדיג... (נאָך א ווײלע) ס׳שפּילען זיך אָב פֿאַר אונז געשעהענישען: מענטשען ווערען באַרויִשט, פאר׳שכור׳ט און מיטגעריסען מיט׳ן שטראָם — ווי אַ זייטיגער שטיי איך און קוק, אויף אַלץ וואָס קומט פויר אַרום מיר: בײַ מיר איז שוין קיין שום זאַך נישט ניי, רופט נישט אַרויס דעם מינדסטען אינטערעס, ווייזט אויס צו זיין: אַלט, וואָכענדיג, קליין — האָט נישט דעם כח וואָס ציהט צו זיך, מאַכט אויפגעלעבט, גיט אַריין אַ פרישען אָטעם אין יעדע זאַך: נאָר, ווי אַ שטומער עדות בין איך, וואָס קען אַלץ צוזעהען און נישט אַריינגעצויגען ווערען אין איר... (פלוצלינג) וואָס איז געשעהען מיט מיר? צי איז די יוגענט אַוועק פון מיר?!.. (מיט א ווײ־געשריי) כ׳טראָג אַ מאַסקע אויפ׳ן פנים און שווערע שטיינער אויפ׳ן האַרץ — דער שטומער-ווײ, די שטילע ליידען — מאַפען מיך גלייך ווי אָבגעשטאָרבען, צו יעדער זאַך...

(מיט מאטע בליקען) ווי אַזוי קען איך ארויס פון דער לאגע, אין וועלכער כ׳געפין מיך?!.. צי איז דאָס נאר „אַ שטימונג" — אָדער, אַנ׳איבערגאַנג-צייט וואָס פירט צו נאָך אַ שרעקליכער לעבען?.! (מיט אַ מאָל) כ׳מוז ערנסט אַ טראַכט טוען, זעהען וואָס כ׳האָב אַדורכגעלעבט און געליטען, אפשר וועל׳ך וויסען וואָס יעצט צו טוען... כ׳וועל אָנהייבען פון דער צייט וואָס לעבט נאָך אין מיין זכרון: לעבעדיגע בילדער שטייען-אויף פאַר מיינע אויגען... ציטעריג טיף זענען שטילע ליידען — ווען ס׳האַרץ בלוט אַמייסטען זעהט קיינער נישט, דאָס בלייבט אַ סוד.. (העכער) אויב מיר ווילען דערגייען אַנ׳אַנדער לעבען, מוזען מיר אַריינקוקען אין דער טיף פון יענעמס נשמה: ערשט דאַמאָלס וועלען מיר וויסען אויף קלאָר די אַלע „קרומע וועגען", זעהען די „ווילדע איינפאַלען" און „גע-דאַנקען גאַנג" פון אַ צווייטער טיף-באַהאַלטענער נשמה... צוגעבענדיג. כ׳טו עס פאַר אייך... כ׳וועל דערציילען פון דער פריהסטער יוגענט... ביז דער לעצטער צייט.

ער: (זעצט זיך, לאָזט אראַב דעם קאָפּ, פאַרטראַכט זיך, ווערט פאַרזינקען אין געדאַנקען, רעדט ווי אינ׳ם חלום) באַלד, ווי כ׳האָב אַראָבגעלאָזט מיך אינ׳ם טאָל, וואָס מ׳רופט

„לעבען" האב איך דערהערט מאדנע אויסגעשריען, וואס זענען עהנליכער געווען פון דער ווייטען, אויף: ס'קוואקען פון זשאבעס, ס'געפילדער פון ווילדע גענז און קאטשקעס, איידער מענטשליכע קולות... שפעטער, האב איך דערזעהן אויף א מארק א גרויסען עולם, וועלכע האבען אלע געשטופט זיך אויף איין ארט, געקריגט צווישען זיך אויף א מיש-מאש פון פארשידענע לשונות, און געריסען איינער פון צווייטען דעם ביסען פונ'ם מויל— כ'האב פארלוירען שוין דעם חשק, און געוואלט צוריק — פון וואנען, כ'בין געקומען... פלוצלינג, האט דער הימעל צוגליהט-זיך אין פורפור-רויטע פלא-מען — אשיינע דערשיינונג איז'ס געווען פאר מיר, און כ'האב מיר פארקוקט — שווארצע שאטענס זענען געקומען צוקריכען פון צווייטען עק הימעל, זיי זענען געווארען אלץ מעהר, און מעהר — באלד האט א גע-דיכטע פינצטערניש איינגעהילט די ערד, ס'איז געווארען נאכט: כ'האב מיך אראבגעלאזט... אויף די ערד האבען טוויזענטער פייערען ווי ליכטיג-פינקעלדיגע אויגען אנ-געצונדען זיך, איבער מיר א הימעל א טונקעל-בלויער אויסגעשפרייט, באזעצט מיט שעמערירענדיג-ציטעריגע בריליאנטען, און ארום מיר איז שא — שטיל, פארזונקען אינ'ם שלאף — — — אך, ווי חלומ'ט מען, און מ'ווערט אוועק-געטראגען אין די הויכע-וועלטען, אין אזעלכע היילינגע מינוטען: מ'פיהלט — הימליש, און מ'איז אין די מדרגה פון א קליינעם גאט, וואס בויט און צושטערט אלץ אין

אײן מינוט — דו גיסט דיך איבער דײן געפֿ/יגעלטער פֿאַנ
טאַזיע, און זי פֿאַרטראָגט דיך, וואוּהין זי וויל— — —
און די מינוטען זענען געווען די גליקליכסטע מינוטען
מײנע אויף די ערד, און זיי וועלען אײביג לעבען אין
מײן זכרון... ביסלעכווײז, ביסלעכווײז האָב איך פֿאַר=
געסען אין די גרױסע ירושה, וואָס כ'האָב אַראָבגעב־ענגט
פֿון די הימלישע הויכקײטען — כ'האָב געלעבט ערדיש און
געליבט מענטשליך: כ'בין אַרײן אינ'ם לעבען — — — אין
אָנהײב, האָט מיר אויסגעדאַכט: אַז אַלע מענטשען וואָס
רינגלען מיך אַרום, זענען מײנע ברידער: זײ מײנען
נאָר מײן גוטס, זאָרגען און באַמיהען זיך מיך צופֿרידען
צושטעלען, ווי מײן לאַגע צו פֿערבעסערען; די פֿרויען
זענען באַשאַפֿען מיך לוסטיג צו מאַכען, און צו פֿאַר=
טרײבען די טיפֿע קנייטשען פֿון מײן געדינצעלטען
שטערען; די אַלע פֿרײליכע פּנימ'ער, שמײכלען
נאָר צו מיר — אַרומגײענדיג אין אַזעלכע געדאַנקען,
האָב איך מיך אַלענגערע צײט געפֿיהלט גליקליך...
ער: (האַסטיגער) כ'האָב מיך בעסער צוגעקוקט, אַרײנגעקוקט
טיפֿער, פֿאַרגריבעלט אין דעם תּוֹך פֿוּנ'ם עצם
לעבען—כ'האָב אָנגעטראָפֿען ווי אויף אַ פֿעלזען=שטײן,
דערשפּירט ס'ערשטע וואַקעלניש אונטער די פֿיס, און
אַט וואָס כ'בין דערגאַנגען: ס'רוב פֿון די מענטשען פֿאַר=
מאָגען אין זיך אײגענליבע, אויב אַפֿילו זיי טוען עפּיס פֿאַר
אַ צווײטען, איז'ס נאָר זיך אַלײן צופֿרידענצושטעלען
אויספֿײנען זיך, ווײזען די וועלט אַ שענער פּנים... די

אַנדערע זענען שלעכט, פאַרביסען, האָבען ליב זעם צהויטען אונטערצוגראָבען, זיכען ווי יענעם אַרויסצורייסען דעם ביסען פונ'ם מויל: דאַריבער שפילט זיך אַזוי ביטער אָב דער קאַמף פאַר'ן „דאָ־זיין", וואָס די ערשטע האָבען לכתחילה עס צוגעגרייט פאַר אַ שפּילעכעל פאַר־זיך, אַ זאַך וואָס ברענגט זיי פאַרגעניגען... (העכער) אינ'ם לעבען איז: ג נ ב ה, ג ז י ל ה, ר צ י ח ה — — — און די אַלע וואָס טוען עס גליקט, האָבען הצלחה. אַז נישט, זענט איהר אָנגעברייט צו ליידען: נ ו י ט דחקות, הונגער — איהר שטייט אויף די וואָג־שאָל צו ווערען אויסגעלאַכט פון אַלע, אַוועקגע־שטויסען, פאַרעכענט פאַר אַ משוגענעם פילאָזאָף אַ נאַרישען בעל־חלום, און צולעצט פאַר— אַ קליין באַשעפעניש — — — אַזוי איז ס'אַייזערנע לעבענ־געזעץ און אַזוי וויל — ס'לעבען... (מיט אַ זיפץ) שלעכט איז אַרומצוגייען אינ'ם לעבען, מיט אָפענע אויגען: זעהען די אַלע געמיינקייטען, נידעריגקייטען, פיהלען עס בחוש, און דערצו נאָך מוזען שווייגען — איהר ווערט אַראָבגעפאַלען באַ זיך, גרייט צו פאַלען פאַר יעדען איינ־ציגען מענטש, וואָס האָט נאָר די מאַכט, חנפה'נען איהם מיט זיסע רייד, אַבי ר'זאָל אייך שענקען זיין ליבען שמייכעל: שטאַרקע האָבען ס'געזעץ באַשאַ־פען און אַרויסגעגעבען, און שוואַכע מוזען עס אַדורכפירען...

ער: (פלוצלינג) בין איך אַשטאַרקער, וועלכער קען אָפען און פריי

אַרויס אין קאַמף און אָבּרוימען די שווערינקייטען, וואָס כ׳וועל אָנטרעפען אויף מיין וועג... אָדער — — כ׳טאָר נישט מיך שטעלען אַקעגען „לעבּענ-שטראָם״... (דערשלאָגען) כ׳בּין שוין „לעבּענ-מיד״ — צרות און לייד דריקען מיין האַרץ, די שונאים ווילען מיך אומבּרענגען — — — — — כ׳וועל פאַלען... (נאָך אַ ווײַלע) כ׳בּין געגען אַלץ, וואָס ווערט היינט געשאַפען און אַדורכ-געפירט מיט אַזאַ בּרייט-אייזערנער האַנט — ווי קען איך פראָקלאַמירען די אירעען, וועלכע זענען סותר מיינע: זיי זענען פרעמד מיין נשמה און געגען מיין „איך״... (שטעלט זיך פאַרטיגדערט אָב) צו ליידען — — — פאַר וואָס: ס׳וואָלט נאָר בּאַוויזען, מיין קליינקייט און נישטיגקייט — כ׳בּרענג „שטילע קרבּנות״, אומזיסט און אומנישט... (מיט טרערען אין די אויגען.) ווער, וועט מיר פאַרגעלטיגען פאַר מיינע ליידען און שטילע קרבּנות?.. צי וועט אַמאָל אָנהייבּען זיך פאַר מיר אַ ניי לעבּען, אַ רוהיג׳ס: מיינע חלומות

מקיום ווערען: „אזוי גוט ווי כ'זאָרג פאַר מײַן גוף—מוז איך זעהען, די נשמה זאָל נישט געקווּעלט ווערען...

ער: (דערשרעקט זיך, ווילד) וואָס, איהר ווילט כ'זאָל לעבען, אזוי — ווי איהר..?! ווי די „ווערים" אין די נאָרעס, אלע צוזאַמען, די שײַן פון דער העלער זון קיינמאָל נישט אָנצוקוקען — אין האַרץ צו דער־שטיקען אַלע „העכערע פאַרלאַנגען" און „אײדעלע געפיהלען": שטענדיג אָבוואַרטען אויף אַנ'אַנדערע מינוט, אַלץ אָבלייגען אויף שפּעטער, צולעצט נאָך אפשר מוזען אָבזאָגען זיך דערפון: „קיינמאָל אפילו נישט צו „חלום'ען" פון עפּיס בעסערם — ס'זאָל זײַן פאַרגעסען אויף אײביג"...

ער: (רעדט פאַרטראַכטערהײט, ווי אין דער וועלט אַרײַן) אין'ם אָנהויב: נעפּעלדיגע געדאַנקען אין קאָפּ אָבער אַ פעסטען בטחון אין האַרץ. וואָס ווײַטער, ווערט דער גלויבען אַלץ שוואַכער, הייבסט אָן צו פאַרלאַנגען באַווײַזען ווי אַזעלכעס גאָרנישט געמאָלט זײַן, קוקסט מיט חשד אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר אַרום דיר. דער־נאָך — הערסטו אויף צו גלויבען. צולעצט קומט: יאוש פאַרצווייפלונג, און אפשר אויך — אַנ'אײגען־מאָרד...

ער: (רופט אויס) גענוג. אײדער אַ לאַנגע־קײַט פון צרות, פּײַן, געפלאָכטען צוזאַמען, וואָס דאָס איז פאַר'ן מענטש נישטמעהר ווי אַ לאַנגער טויט, אַ גרויסע גסיסה, אַ שווער אויסהויכען פון די נשמה — וואָס מאַכט ווי בלײַ דעם קאָפּ צוּבראָכען ס'געמיט, און פאַרקריפּעלט די נשמה —

איז גרייכער א מינוט — — — און כ'הער אויף צו פיהלען, כ'הער שוין אלץ ווי אין'ם חלום, כ'בין פארזינקען איז טיפען אייביגען שלאף... (מיט פייער)

אמת, חאטש כ'בין „א קינד פון די ערד", דערפאר פיהל איך נאך אבער „די ירושה", וואס כ'האב אראבגעברענגט פון די הימלישע הויכקייטען — וואס פון איהר אבזאגען זיך, וועל'ך נישט פאר קיין שום פרייז אין זער וועלט — אדרבה, אויב כ'וועל מיך נישט קענען אויפהייבען צו איהר, העכער פון אלע, וועל'ך זי אבער נישט אראבשלעפען צו זיך, פארקנעכטען און פארקויפען ווי דאס טוען אלע אנדערע—און אליין בעסער — אונטערגייען! (נאך מיט מעהר פייער) כ'בין אנ'אדלער מענטש, וואס אויב כ'קען נישט שטייען „העכער פון אלע", וויל איך נישט לעבען ווי איהר אלע דא—און שטארבען, שענער פון אייך! — (לויפט צו שנעל צום טיש, רוקט ארויס ס'שופלאד חאפט ארויס א פראשעק, שיט איהם אריין אין א גלאז פול וואסער, וויל אויסטרינקען — מ'דערהערט א הילכיג-געזוונגעלעכטער פון אונטער די קוליסען, אויף די ביהנע ווערט פינצטער — „זי" אינ'ם געשטאלט „דער מלאך פונ'ם לעבען" באווייזט זיך, איינגעהילט אין א ווייס-העלען מאנטעל, אויסגעזעצט מיט פינקעלדיגע ברילליאנטען, אויפ'ן קאפ א לארבערקראנץ — ר'ווערט ווי צומישט, קוקט אויף איהר מיט א פארכאפטען אטעם, ס'גלאז האלט ער נישט ווייט פונ'ם מויל, די האנט ציטערט בא איהם פון אויפרעגונג. קורצע פויזע). —

זי: (לאכט שעלמיש) חא — חא — חא! וואס ווילסטו טוען

דו נארישער בעל־חלום...

ער: (קאלט) זעהסט דאָך —

זי: (הערט אויף צו לאַכען) און דער אויפטו.

ער: (שנעל) ס'לעבען איז מיר נמאס געוואָרען, וויל איך א סוף מאַכען דערצו...

זי: (נאָך א ווײלע) פאַר וואָס האָסטו דאָס שוין־לאַנג, נישט געטוען?

ער: (הערט נישט־געדולדיג) כ'האָב געליטען.

זי: און יעצט..?!

ער: (שמאָלך) וויל איך נישט. (צוגעבענדיג) זאָלען ראַנגלען יך די וואָס ליידען — איך וויל מיך שוין נישט „פייניגען", אין דעם גרויסען „גיהנום־פייער" און אָבטרעטען פון דאַנען.

זי: (גיפטיג) דו האָסט דאָך אמאָל אַנ'אַנדער ליד געזינגען.

ער: (שוואַך) אַמאָל... וואָס אַמאָל איז אלץ געװען... (מיט געבעט) דערמאַן מיך נישט דערפון...

זי: (טײוולאָניש) כ'מוז עס דיר דערמאַנען. ווייזען ווער

דו ביזט אַמאָל געווען: דו זאָלסט זעהען אויף וואָס פּאַר אַ פּאַלשען וועג דו וואַנדערסט — אפשר וועסטו דיך נאָך באַרעכענען, כּל זמן ס'איז נאָך נישט צו שפּעט און מיינע רייד קענען ברענגען דיר נוצען?

ער: (מיט אַנ'אויסגעשריי) ס'וועט נישט געשעהען.

זי: (מיט אַ טייוולאַניש געלעכטער) חאַ-חאַ-חאַ! דו ביזט עדען טאָג אָנגעזעטיגט מיט פרישע תּורות און נייע איינפּאַלען — דאָס איז אַ פּראָדוקט: פון דיין צוהיצטער פאנטאַזי און דיין קאָפּ וואָס איז נישט געוואוינט טראַכטען, קאַלט און רוהיג.. (גיפטיג) אפשר וועל איך דיר ווייזען, ווי ס'דארף צו האנדלען א מענטש מיט א געזונטען שכל און וואָס ר'זאָל טוען...

ער: (מו-מעלט) אָי, כ'דערפיהל שוין אין דיינע ווערטער, דעם קאַלטען אָטעם פונ'ם לעבען.. (שפּרינגט אויף) ארוי'ס פון דאנען — די אלטע „צייט מכשפה!" דו ביזט פארב.יבען יונג נאָך אין אויסזעהען נאָר צוליב דיין אָנציה-כּח ווערען שטענדיג מענט-

שׂען געשטרויכעלט פון דיר... (העכער) כ'וויים, גרעסערע חכמים זענען געוואָרען בא דיר נאריש — וויל איך נישט פאלען דיין קרבן: אריין אין דיינע אָרעמס... (מיט די לעצטע כחות) גענוג, געליטען! כ'וויל שוין נישט: לעבען און ליידען—ווי דיינע איבעריגע קנעכט, וואָס ליגען צוזאַמענגעדריקט אין דעם גרויסען „וועלט-קעסעל": קאָכען און זידען אין זייער שטורעם-צייט, ווערען צושמאָלצען אין די מענטשליכע תענוגים, פאַלען אראָב אין דחקות און נויט, און גייען-אויס אין טרויער... א סוף, צו דער נארישער טראגי-קאָמעדיע! כ'וויל אראָבוואַרפען פון זיך די מאַסקע: דעם שווערען לאַסט פונ'ם לעבען! —

(וויל אויסטרינקען)

זי: (שפרינגט אונטער, האַפט אַרויס געשקט ס'גלאָז, ער גוקט אויף איהר פאַרווינדערט און אונטערטעניג, זי רעדט) וואַרט! איך האָב דיך אינ'ם לעבען גערופען, און נאָר איך קען דיר זאָגען: ווען ס'איז צייט—דו זאָלסט שוין דאָ מעהר נישט-זיין! (צוזעבענדיג) הער מיך אויס, און דערנאָך וועסטו טוען, ווי דו פאַרשטייסט...

ער: (פאַלט שוואַך אַנידער) אָי, מוטשע מיך נישט —

זי: (ליבליך) הער.

פויזע.

זי: (הייבט אָן, מיט אַ ציטעריג. קול) געדענקסט, אין דיינע אמאַליגע שיינע חלומות, און האָפענונגען: האָסט געוואָלט זיין גרויס, רייך, באַרימט; דיין נאָמען זאָל קלינגען ברייט און ווייט, איבער די גאַנצע וועלט, פון אַלע עקען...

ער: (ווי פאר זיך) אָ, כ'האָב שוין דאָס, ווי פארגעסען —
זי: (רעדט ווייטער) א מענטש, וועלכער זאָל מיט זיין קינסט־
לערישער הויך אונטערטעניג מאכען אלץ, וואָס קומט
נאָר מיט איהם אין בארירונג, דערפרייען הערצער,
אויפוועקען צובראָכענע געמיטער און זיי צוריקרופען
צום לעבען; פאר וועמענס פעדער ס'זאָלען ציטערען
שונאים ווי פאר א שארפע שפיז, וועלכע זאָל זיין די
טאָן־געבערען פון דער געזעלשאפט, און אָבער אויך
קענען זיין מילד, טראָגען טרייסט־ווערטער — ווי א מלאך
וואָס איז אראָבגעשיקט פונ'ם הימעל צו לינדערען די
נויט, פארקלענערען דעם שמאַרץ, און מאכען די אלע
אויף א וויילע פארגעסען אָן זייער אומגליק, צרות, פיין —
און זיי וועט אויסדאכטען, אז זיי פיהלען זיך עפּיס
פרייער, בעסער, און העכער — — — דו וועסט פאר
זיי זיין דער מלאך המושיע, דאָס איז יעדער נאָט־
נעבענטשטער קינסטלער, ר'איז דער פאָלק־טרייסטער
דער היילער פון צובראָכענע געמיטער און פארוואָ־
גערטע נשמות. (מיט פאטאס) פון אלע זייטען וועלען
צו דיר צושווימען טויזענטער דאנקען און שטילען
עהרפאָרכט, ס'פאָלק וועט באהאלטען דיינע זאכען און
זיינע פאָלק־אוצרות, אריינעמען זיי אין זיינע קולטור־
ווערטען, לדור דורות — — — (טעוואָניש) געדענקסטו
שוין גאָר נישט, דערפון...?! און אפשר האָסטו דיך
שוין גאָר אָבגעזאָגט פון דעם, פארגעסען אויף אייביג...?!
ער: (שווייגט)

**זי:** (נאָך א ווײלע) וואָס האָט דיך געבּרענגט דערצו, אָבּצוזאָגען פון דעם: וואָס איז דיר געוועזן טייערער פון אַלץ — דיין ציל אינ׳ם לעבען, דיין איינציגער אידעאַל

**ער:** (שטאַמעלט) אָבער...

**זי:** (ווי פריה ר) נאָך וועלכען דו האָסט דיך געיאָגט און געוואָלט דערגרייכען... וואָס ס׳לעבען האָט דיר נישט געגעבען ?!

**ער:** (מיט אמאָל) כ׳האָב איינגעזעהען, אינ׳ס לעבען גילט: דאָס נידריגע, געמיינע, וואָס קען שטעלען א כריין — דערפאר זאכען פון א העכערען ווערט קענען נישט אדורכגעפירט ווערען און די מענטשען וואָס קומען מיט זיי, מוזען אָבּטרעטען זייער אָרט פאַר דאָס פּראָסטע, באנאלע... וואָס זיצט שטענדיג אויבען אָן...

**זי:** (צילאכט זיך) ווער האָט דיר אריינגעשלאָגען אינ׳ם קאָפּ אזעלכע געדאנקען, דיך געמאכט פאַר „אנ׳אפיקורס“ נישט צו גלויבען אין מיין „וועלט-אָרדנונג“? (העכער) „יעדער העכערער מענטש מוז ליידען, פאר זיינע אידעען“: אז נישט, וואלטען יעדען טאג געקומען אנדערע מ׳זאל זיי אבגעבען כבוד: אווי בלייבט עס ווי געוועזן — זיי מוזען נאָר ווייזען זייער גרויסקייט — פארשטארקען זייער איינפלוס אויף אלע וואס זאל גרייכען אזש

בּיז פאַרגעטערונג... (נאָך אַ ווײַלע) און אויב דו האָסט דיך אָפּגעזאָגט פון דײַנע אידעען, באַווײַזט עס דײַן קלײנקײט און דו קריגסט מײַן הסכּמה: דו האָסט נישט צו־וואָס צו לעבען אויף די וועלט, פאַרוואָס צו באַגײַסטערען אין די שווער־קריטישע מינוטען דײַנע, אינ'ם שווערען לעבען... (טיוולאָניש) פיר־אויס דײַן פּסק־דין, אויף דיר — אַליין! (גיפטיג) דו בּיזט „אַ מילב", אַ קלײנער וואָרעם, וואָס קריכט ארום אויף די ערד — און ס'לוינט גאָר נישט אָפּצושטעלען זיך אויף אים, אײַנקוקען אויף דיר...

ע ר : (ענטפערט) ס'האָט „די צײַט" אין אויסזעהען מיך אַזוי אָפּגעשטעמפּעלט, געגעבען יעדען אַזאַ מײַנונג פון מיר — כ'פיהל נאָך אָבער אין מיר גענוג כּוחות, אויסצופירען די גרעסטע זאַך, אפילו די שטאַרקסטע אַרבּעט... (ווי אויפגעלעבט) כ'פיהל אין מיר פרישע כּוחות: כ'בּין יונג, שטאַרק, ס'לעבענ־פרישקײט שלאָגט אין מײַנע אַלע אָדערען — אין מיר ווילט זיך ווײַטער לעבען — — — פיהלען עס מיט מײַן יעדען אָטעם־צוג, מיט יעדען אבר פון מײַן קערפּער...

ז י : (שמײכעלט צופרידען) ס'האָט מײַן באַווײַזען זיך פאַר דיר, דיך אַזוי איבּערגעאַנדערשט — (לאַכט)

ע ר : (ווי צומישט) זאָל עס זײַן געזען — ווי ס'ווײל! זאָל מיט מיר האָבּען געשעהען אַ נס, מיך באַ'כשופ'ט אַ בעל־מכשף, אָדער דו — כ'בּין דײַן קנעכט און בּוק מיך פאַר דיר, פאַר דײַן שײן פּנים! — (פאַלט אויף די קני)

זי: (צולאכט זיך שעלמיש) חא — הא – חא ! ס'האט א שוואכע פרוי, דיך צוריקגעקערט צום לעבען — איך! (אנט לעקט איהר בווזים)

ער: (שטאמעלט) ווי אנציהיגשיין דו ביזט —

זי: (דערנעהנטערט זיך צו איהם) דו וועסט שוין קיינמאל נישט, פריוועו לעסטערען מיך...

ער: (טוליעט זיך צו איהו) קיינמאל נישט —

זי: (צופרידען) איז גוט! ביזט מיין געטרייער זיהן! — (דריקט איהם צו זיך, שליסט איהם איין אין זיינע ארעמס, דאס געדויערט א קורצע צייט, ער שליסט זיינע אויגען, וויל איינשלאפען, פלוצלינג דערהערט זיך איהר שטארקער רוף, ער' האפט זיך אויף, קוקט ארום זיך, מיט פרעמדע בליקען) קום!

ער: (ווי בלינד) וואו־אהין.

זי: (שטאלץ) כ'וועל דיר ווייזען— דעם וועג! —

פויזע.

זי: (גייט צו צו איהם, נעמט איהם ארום, רעדט וייך, פול מיט מוטער־ליבע) קום, כ'וועל דיר ווייזען אזעלכע ערטער וואס דו האסט נאך נישט געזעהען. געגענדען, ווי דיין הארץ וועט פיהלען, דערקוויקט. טאלען, וואס א מענטשענפיס האט נאך נישט באטרעטען. בערג, אויף וועלכע ס'רוהט דער אייביגער שניי, ימים, טייכען, מדבריות, — וואו דיין אויג וועט נישט אנזעטיגען, קוקענדיג דארויף: כ'וועל דיך ארייגפירען אין א נייע וועלט, וואס דו האסט גאר קיינמאל נישט געחלומ'ט ארייגצוקומען אין איהר— יעצט וועסטו זי זעהען אויפ'ן וואהר, פאר דיינע אויגען...

(העכער) כ'וועל פאר דיר אנטפלעקען א נייע פערספעק-
טיווע, אויפדעקען וועלט-אוצרות, דיך פארוויגען און געגעגדען
ווי איטליכעס גרעזעלע וועט רעדען צו דיר א באהאל-
טענע שפראך, פייגעל סוויטשערען, און אלץ זינגט א
לויב-געזאנג די נאטור: וואו ס'גרינען אייביג די בוימער,
רויזען שמעקען, מירטען בליהען, און סתם בלומען
געבען צו א ריח — און אלץ איז באגאסען מיט ליכט-
שטראלען, באדט זיך אין זון — ס'שאפט א בירה, א
הארמאניע: רוה און שטילקייט אין די נאטור...

**ער:** (שטייט פארטראכט)

**זי:** (מיט פאטאם) זעהסטו נישט ווי יעדעס גרעזעלע ווינקט
צו דיר, יעדעס בלימעל לאכט, איטליכעס ביימעל רופט
צו דיר — ס'רופט: „*גיי ארויס מענטש פון דיינע
באהעלטענישען, קוק אן די שטילע גרויס-
קייטען פון די נאטור, און פאל פורעים
פאר איהר*"... ס'רופט: „*מענטש ווארף אוועק
דיינע זארגען, דעם רעש, געפילדער און
שטאט-געטומעל — רוה-דיך-אויס אין די
שוים פון די נאטור*"... (העכער) גלייכצייטיג
וועקט עס דיך צו אנ'אנדער לעבען, מונטערט דיך
אויף, און גיט דיר אריין א פרישען כח — ס'רופט צו
דיר: זעה, וואס פאר וועלט-אוצרות ליגען באהאלטען
אין מיר, וויפיל מיליאנען-כחות דארף מען אפגעבען מיך
צו דערגייען, און וואס פאר אנ'ענערגיע, מוט, כח, קען
מען אנקלויבען פון מיינע ערד-טיילען: דאס דארף זיין

דײַן אַרבעט מענטש — מיך צו דערלערנען, אויס-
צומעסטען אין דער לענג און ברייט...
(טעיזלאַניש) דו הערסט, ס'לעבען רופט: „אַ שאָד יונגע
כחות זאָלען פאַרשלאָפען ווערען, אַרויס
פון אײַערע באַהעלטענישען, אין דער גרויס-
סער וועלט אַרײַן, דאָרט וועט איהר קריגען
רוהם און ווערט" — — — (צוגעבענדיג) ס'לעבען
רופט, צו אַלע — און נאָר געציילטע הערען עס,
פאַרשטייען זײַן פאַרבאָרגענע שפּראַך: און די זענען
גליקליך... (ער שטייט ווי היפּנאָטיזירט, געטראָפען פון איהרע
ווערטער, זי גייט-צו צו איהם שטיל, קוקט איהם אין די אויגען,
קאָקעטיש) קום! —

ער: (אָבשטעלענדיג זיך אויפ'ן וועג, שוואַך) און וואָס וועט-זײַן
מיט מײַנע חלומות, האָפענונגען — —

זי: (בייז) וואָס האָסטו דיך עפּיס יעצט, דערמאָנט?

ער: (מיט אַ מאָל) זיי זאָלען אויסגעפירט ווערען, איז די
הויפּט-זאַך בײַ מיר, ס'גרעסטע — אָהן דעם וועט מײַן
לעבען זײַן טרוקען, אָהן אַ געדאַנק, כ'וועל אומגליק
ליך זײַן...

זי: (וואַרפט זיך, ברייט) נאַרישקייטען. — (אַ מאַך מיט די האַנט)
וואַרף דיך אויפ'ן גרויסען לעבען-ים, ווער פאַרשלינגען
אין דער פיל-פאַרביגער מענטשען-כוואַליע, הער די
טײַוועלישע מעלאָדיען פון זײַן מוזיק, זעה ס'פאַרבענ-
שפּיל פון זײַנע קאָליר-לויפענדיגע וואַלען — — —
און דו וועסט-זײַן: גליקליך...

**ער:** (שנעל) אויב אזוי, האב איך חרטה, וואס כ'האב מיין פלאן שוין נישט אויסגעפירט. כ'וואלט פארשפארט די צייט—צו רעדען מיט דיר... (לויפט שנעל צום טיש)

**זי:** (פאַרשטעלט איהם דעם וועג — שטעלט זיך אוועק אין א מאיעסטעטישער פאזע, לאכט שעלמיש) וואס ווילסטו טוען?

**ער:** (ווייסט זיך) לאז מיך.

**זי:** (טריאומפירענדיג) דו ביזט יעצט אין מיין האנט. — (נעמט איהם פעסט אן) קום!

**ער:** (אמפערט זיך מיט איהר) כ'וויל נישט: לעבען, און ליידען — —

**זי:** (שטאַרק) ס׳לעבען רופט — און דו מוזט זיינע באפעלען—אויספירען!— (שלעפט איהם מיט זיך)

**ביידע:** (גייען ארויס)

**פורהאנג.**



# דער שלאפלאזער

דראמאטישער עטיוד
אין איין אקט.

# פאַרשוינען:

זיגמונט שטערן:

אַ בלאַסער, אַ דאַרער—22 יאָר אַלט;

אַ נאַכט וועכטער:

אַ קול:

פאַרשלאָפענע און האַלב-דערשראָקענע מענטשען.



# די בינע:

א שטוב בא זיגמונט שטערן, גאנץ ריין צוגעקליבען. רעכטס — א פענצטער אויף דער גאס ארויס, דערנעבען א א זען בעטעל; נישט ווייט דערפון, א אויסגאנג-טיר. לינקס — א קליידער-שאנק; נישט ווייט, א טיר אין א צווייטע שטוב. גלייך — א שרייב-טיש, אויף אים פ רשידענע געברויך-מאטעריאלען; אין הינטערגרונט, א עטאזשערקע מיט ביכער. — אויף די ווענט הענגען: פארטרעטען, לאנדשאפטען, גראווירונגען. בילדער פון בארימטע שרייבער און געלעהרטע, צווישען זיי: האמסון און סטרינדבערג.

---

נאכט. אויפ׳ן שרייב-טיש ברענט א לאמפ. נעבען אים זיצט זיגמונט — מיט׳ן פנים צום צושויער — פארטיפט אין לייענען א בוך. קו צע פויזע.

---

**זיגמונט:**

שטייט אויף פון אָרט, מורמעלט. **גענוג!** פארמאַכט דאָס בוך, שפרייזט איבער די שטוב, שטעלט זיך אָב באַם פענצטער, רעדט ווי אין דער וועלט אריין. **ס'מוז שוין זיין, שפעט אין דער נאַכט. כ'בין שטאַרק מיד, די אויגען פאַלען מיר צו...** פלוצלונג. **נאַרישקייטען! די נאַכט איז נאָך גענוג גרויס, כ'וועל מיך נאָך אויסרוהען!** — נאָך א ווײַלע. **באַלד וועל איך ליגען אין שניי-ווייסען בעטגעוואַנט און זיין פאַרזונקען אין טיפען שלאָף... פון דער גאַס וועט זיך דערטראָגען אַ גערויש, אַ געדודער — מיר וועט עס נישט שטערען... כ'וועל חלומ'ען די גאָלדענסטע חלומות און די שענסטע פאַנטאַזיען וועבען אין מיין מח...** דרייט אראָב דעם לאָמפ, לייגט זיך.

**פויזע.**

דער זייגער קלאַפט: „טיק-טאַק, טיק=טאַק".

**זיגמונט:**

הייבט אויף דעם קאָפּ, פארווינדערט. **ווער וועקט מיך דאָס? צי שפרייזט עמיצער איבער דער שטוב?..** שרייט אראָב פון געלעגער. **העי, ווער איז'ס ד'אָרטען אַריין און גענומען שפרייזען, הין און צוריק.** באַקומט נישט קיין ענטפער, לייגט זיך צוריק.

דאָס קלאַפען פון זייגער חזר'ט זיך איבער.

## זיגמונט:

זעצט זיך אויף אויפ'ן בעט, צו זיך. כ'הער אָבער אַ שטיל קלאַפּען: ווי גאנץ-לייכט וואָלט עפּעס באַוועגט זיך, הין און צוריק... וואָס קען עס זיין? אין שרעק. אפשר איז א גנב אריין שטילערהייט און וויל מיך באַ'גנב'ענען ?!.. ציטרע. כ'וועל באַלד אַלץ געוואָיר ווערען. פון וואנען ס'קומט דאָס געֶרויש! — לאָזט זיך שטיל אראָב פון געלעגער, פאַרקריכט אָן אַ זייט, האָרכט זיך צו מיט דער גרעסטער אָנגעשטרענגקייט צו יעדען מינדסטען שאָרך וואָס קומט נאָר פויר ארום אים.

## א שטילקייט.

דער זייגער קלאַפּט ווייטער ווי פריהער: „טיק-טאַק, טיק=טאַק".

## זיגמונט:

האָט דערהערט, ווארפט זיך צו אים, ווי אַ צורייצטע חיה ציטערט אַזש אינגאַנצען פאַר כעס. אָט, האָט זיך גאָר דער צו מיר הײנט אויפדערנאכט גענומען. באַרימט זיך. באַלד וועט ער שווייגען! ר'וועט מיר אויפהערען צו גרילצען אין קאָפּ אַריין, מיט זיין: „טיק-טאַק, טיק=טאַק" ..! ארבעט אַ ווײלע באַם זייגער, קען אים נישט אָבשטעלען, צובייזערט זיך נאָך מעהר. און דער ערפינדער האָט נישט געקענט זאָרגען דערפאַר, אַז ר'זאָל קיינעם נישט שטערען מיט זיין גאַנג. זיי קלערעז נאָר פאַר זיך. שטעלט אָב דעם זייגער, רופט אויס, באַפוילעריש. אָט אַזוי! שטיל זאָל דאָ זיין—ווי אין אַ אויער! אַ פליג זאָל מען דאָ נישט הערען, אַדורכפליהען! — לייגט זיך צוריק.

## פּויזע.

מ׳קלאַפּט אין טיר.

## זיגמונט:

כאַפּט זיך אויף, פאַרביסען. וואָס איז שוין ווייטער דאָ סאַרע גערודער? ווער קלאַפּט דאָס אין דער טיר? וועלכער רוח האָט זיך יעצט דאָס אָנגעטראָגען, אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?.. פּלוצלונג. מיין דאגה, זאָל ער קלאַפּען. ר׳קען אפילו פויקען ביז מאָרגען אין דערפריה — אַרט עס מיך אויך נישט: כ׳וועל מיך מ-כען גוט כ׳ראָפּען און—פּטור. לייגט זיך, מאַכט זיך כאָרכלען.

## פּ ו י ז ע.

מ׳קלאַפּט א צווייט מאָל אין טיר.

## אַ ש ט י ל ק י י ט.

מ׳קלאַפּט א דריט מאָל, אָבער שוין א סך שטאַרקער ווי פריהער.

## זיגמונט:

הייבט זיך אויף פלעגמאַטיש פון געלעגער, גייט מיט לאַנגזאַמע טריט צו דער טיר, שטעלט זיך אויף א ווײלע אָב, גייט באַלד ווייטער. כ׳בין שוין נייגעריג אָנצוקוקען דעם פּאַרשוין, וואָס האָט אַזוי פיל דרייסטקייט, אָנצוקלאַפּען אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. העכער. טאָמער טרעף איך אָבער דאָרט, נישט קיין גוטען ברודער, וואַרף איך אים אַרויס ווי אַ גע׳פּגר׳טען הונט אויף דער גאַס .. צו אַלדע בייזע רוחות! צוגעבענדיג. נאָכאַמאָל, זאָל ער קיינעם באַנאַכט נישט שטערען דעם שלאָף! —

קומט צו נאָהענט צו דער טיר, פרעגט אַרויס. ווער איז?

א קול:

ענטפערט אָב. עפען אויף.

זיגמונט:

ווי פריהער ווער איז?

דאָס קול:

א היימישער.

זיגמונט:

שטרענג. ווער איז'ס..? כ'קען דאָך נישט עפענען מיין טיר פאַר יעדען שפעט-וואנדערער אָדער, מידען דורכגייער... צוגעבענדיג. כ'מוז וויסען דעם נאָמען פון דעם וואָס איז אונטער דער טיר.

דאָס קול:

גלייכצייטיג. כ'ברויך נישט מיין נאָמען צו ראפּאָרטירען פאַר דיר, דו קענסט אים אזוי אויך.

זיגמונט:

מורמעלט קוים ארויס. איך קען דיך, זאָגסטו... דרייסטער. ווער ביזטו? פון וואנען, קענסטו מיך? רעד! —ווארט אויף ענטפער.

דאָס קול:

יאָ, דו קענסט מיך. נאָך א ווײלע. דערמאָן דיך, געדענקסטו די זומערדיגע פארנאַכטען פון אונזער שטעטעל, ווען מיר האָבעןביידע געשפּאַצירט, טיף אין װאַלד אליין... ווען נאָר די לבנה אין הימעל האָט געהערט, די ליבע-ווערטער, וועלכע דו האָסט מיר שטיל געשעפּטשעט אין אויער אַריין... ווען דו האָסט מיך א ליבליכער געדריקט צו דיין הייס, שטאַרק

אויפגעברויזטע ברוסט... געדענקסטו נאָך זיי, יענע אמאָליגע פאַרנאכטען!

## זיגמונט:

שפרינגט אָב פון דער טיר א צומישטער, לויפט איבער דער שטוב אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג. גאָט מיין איינציגער, וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר: עפּעס איז מיר די שטים אזוי באַקאַנט, די שפּראַך אזוי היימיש; זי דערמאָנט מיך אָן די בעסטע פאַרפלאָסענע טעג פון מיין לעבען. — פלוצלונג אפשר איז מיין הייס-געליבטע שרה'לע, געקומען צופאָהרען צו מיר... פאַרכאפט זיך. ס'קען דאָך נישט זיין! זי וואָלט מיר פריהער דערוועגען, געמאָלדען! — קען זיך אב'אָרט נישט געפינען, א געשטיקטע פויזע, מ'דערהערט דאָס קול רעדען ווייטער.

## דאָס קול:

ליבליך. שרעק דיך נישט מיין פריינט, מיך אַריינצולאָזען צו דיר, אינ'איינעם מיט מיין אַריינקומען, ברענג איך דיר מיט: גליק, צופרידענקייט און דעם אייביגען פרידען — — — כ'וועל פאַרלייכטערען דיינע זאָרגען, פאַרקלענערען דיין שמאַרץ, פארמינערען דיין ווייטאָג — — — כ'וועל דיין קאָפּ מיט לאָרבער-קרענץ באַשענקען, דיין גייסט מיט קלוגשאפט און פאַרשטאַנד, דיך אַליין, אין אייביגע חלומות פאַרוויגען — — שרעק דיך נישט פאַר מיר, מיין פריינט שרעק דיך נישט! האקט זיך אָב.

## זיגמונט:

אין התפעלות. דאָס איז זי, מיין טייערע. דאָס איז זי,, באַפט

אויף זיך א ליכטען כאלאט, דרייט ארויף דעם לאָמפּ, לויפט שנעל צו דער אויסגאנג-טיר, עפענט זי ברייט, אויסרופענדיג. **גוט ב׳אָוועגט דיר, מיין טייערע! גוט ב׳אָוועגט!** — באמערקט קיינעם נישט אריינקומען, שרייט אַרויס אויף דער גאס. **וואָס שעהמסטו זיך עפּעס, נאַריש קינד, צו מיר אַריינצוגייען. קום שוין, אַריין! קום!** — די טיר בלייבט אָפען אַ לענגערע צייט, ס׳קומט קיינער דורך איר נישט אריין.

## גרויסע פּויזע.

### זיגמונט:

טרויריג. **האָט מיר נאָר אויסגעדאַכט, אַז מ׳קלאַפּט באַ דער טיר... דאָס האָט מיר מיין צוהיצטע פאַנטאַזי אזוי אויס־געמאָלט, אז כ׳הער די שטים פון מיין געליבטע, רעדען צו מיר...** פלוצלונג. **ס׳וועט שוין אָבער מעהר נישט געשעהען.** — מיט פייער. **יעצט, קען שוין אָנקומען דער קיסר אַליין און קלאפּען: כ׳זאָל אים אריינלאָזען צו מיר — טו איך עס נישט! ס׳מעג אפילו דונערען און בליצען, אַלץ אַרום מיר קען הודזשען און באַוועגען זיך, די גאנצע וועלט זאָל ציטערען און קרעכצען פון יללות — אַרט עס מיך נישט!** נערוועז. **כ׳וויל פון גאָרנישט וויסען! מיך אינטערעסירט גאָרנישט!** שטילער. **כ׳וויל יעצט רוהען... נישט געשטערט...** וויל זיך וואַרפען אויפן געלעגער. מ׳הערט שפּילען מוזיק און אָנקומען א סך דורכגייענדע סאָלדאַטען, א נישט-אויפהערליך געטאָפּעריי פון די מארשירענדע.

### זיגמונט:

בלייבט א ווילע שטייען ווי פארשטיינערט, קוקט מיט שטאַרע בליקען אַרום זיך, עטעמט שווער אָב, ביטער. **זיי רעכענען, אז זיי וועלען**

מיך דערשרעקען מיט זייער אָנקומען... חאַ — חאַ — חאַ!
לויט. די מוזיק שפּילט, אַלץ אַרום דיר טרייסעלט און באַוועגט זיך שטיל... אַרום דיר וויגט זיך אלץ און פאַרזינקט דיך אין טיפע רעיונות... ווערט ריידענדיג פאַרשווינדען אויפ'ן געלעגער.

**פּויזע.**

די מוזיק שפּילט וואָס אמאָל אלץ העכער, דאָס געטאָפּעריי וואַקסט פון מינוט צו מינוט.

**זיגמונט:**

ווי פאר זיך. כ'הער, איר שפּילט וואָס אַמאָל אלץ העכער און העכער; איר מאַרשירט איבער דער גאַס אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער — כדי מיך אלץ מעהר אויפצורעגען... ס'וועט אייך נישט געלונגען! מיט פייער. כ'וועל אייך ווייזען, כאָטש די טענער פון דער מוזיק קלינגען אַזוי הילכיג אָב אין דער לופט. כאָטש דאָס געטאָפּעריי פון די פוסגייער מאַכט אַן, אַזאַ גרויס געררודער אין דער גאַס... וועט מען עס באַ מיר אין שטוב, נישט הערען! דאָס גאַנצע גערויש וועט באַלד מוזען פאַרשטומען, פאַר מיינע אויערען!—

פאַרשטאָפּט דאָס פענצטער מיט אַלערליי סמאַטעס און קישענס.

**פּויזע.**

די מוזיק שפּילט אַלץ ווייטער, די טענער רייסען זיך אריין מיט דער זעלבער קראַפט וואָס פריהער.

**זיגמונט:**

שפּרינגט אַראָב פון געלעגער שרעקליך אויפגעבראַכט, וואַרפט אלץ פון

פענצטער, פראלט עס אויף מיט א מורא'דיגע שנעלקייט, שרייט ארויס. פ—אַ—ר—ש—וו— יי—ג—ט!! הערט אויף, צו שפילען!! הערט אויף, צו מאַרשירען איבער דער גאס!! לאָז זיין ש—ט—י—ל!! —

די מוזיק הערט נישט אויף.

## זיגמונט:

ענדערט פלוצלונג דעם טאָן, הייבט אָן מיט א וויינענדיג קול. פאַרוואָס לאָזט איר נישט אויסרוהען מיין שוואַכען קאָפּ, אָברוהען מיינע דאַרע-קראנקע ביינער. פאַרוואָס מוטשעט איר מיך. מיט צאָרן. איר פינצטערע נאַכט-העלדען, שאָטען-געשטאַלטען, הערט אויף צו טומלען אויף דער גאַס... איר געדונגענע משרתים, הערט אויף צו אַרבעטען אייערע מעשים תעתועים: די עולות, ס'געוויין פון יתומים און אלמנות, שרייט שוין אזש ביז צום הימעל.. פאַרשווינט! צוזאַמען מיט דער נאַכט-פינצטערניש! ביטער. איר קריגט דאָך באַלוינט פאַר אייער טרחה... הא...? מיט דער גאנצער קראפט. כ'שענק אייך אוועק אַלץ, נאָר גיט מיר — מנוחה... אַ קליין ביסעל רוה... ווי אין שגעון. לאָזט מיך צורוה! לאָ—זט מיך! —

די מוזיק הערט נישט אויף.

## זיגמונט:

ווילד. איר ווילט נישט? ניין..!? שרייט. ברויך מען נישט.. איר הערט — מ'ברויך נישט... העכער. כ'לאַך, פון אייערע באַיישע אויפטועון!! איך לאַך, פון זיי!! — ווארפט דאָס בעט-

נעוואָגט אויף דר'ערד, לויפט האסטיג איבער די שטוב, הין און צוריק איבער איר.

## גרויסע פויזע.

## זיגמונט:

פעסט. געגוג! מעהר צוריקלייגען אויפ'ן געלעגער, וועל איך מיך שוין נישט! איידער צו ליגען און מוטשען זיך, איז שוין אַ סך גלייכער אדורכצושטופען די נאַכט — וואַכעריגערהייט! פארטראַכט. אָבער, וואָס וועל איך טוען ביז אין דער פריה. מיט וואָס וועל איך פאַרברענגען די דאָזיגע געציילטע פאָר שעה. אויפגעלעבט. כ'וועל פאַרטרייבען די צייט אין זינגען, שפילען... פרייליך וועל איך באַגעגענען דאָס אָנקומען פון טאָג, פון דער מאָרגענדיגער זון... שטעלט זיך אוועק אין אַ העלדישער פאָזע, הייבט אָן צו זינגען די אריע E Lucevan le stelle פון דער אָפּערא „טאָסקאַ" *) אַ פּיאַנינאַ אקאָמפּאַנירט אים די גאַנצע צייט אונטער די קוליסען, ביז ער פאַרשווייגט.

געפינקעלט האָבען שטערען.
איז אַלץ אַרום געשלאָפען.
אין טרוים האָב איך געוואַנדעלט.
איז פלוצלונג זי פאַר מיר,
אַנטקעגען אָנגעקומען:
און צאַרט מיר אויף דער ברוסט,
צום האַרץ מיר צוגעפאַלען — — —

---

*) מוזיק פון ד. פוטשינע. טעקסט פון א. ק—אַ.

אָ, רגע ווינדערבאַר!

אָ, גליק דו איבערערדיש,

אָ, רייץ פון צאַרטקייט,

אָ, פלאַם פון הייסע קושען!

— — — — — —

ס׳איז אַלץ פאַרטונקעלט:

אַ סוף צו דעם גן־עדן —

איך מוז מיט גליק זיך שיידען!

נאָר מיט מיין האַרצען

וועל איך אייביג דורשטיג

צום לעבען שטרעבען!

זיגמונט:

מ ט אנ׳אראָבגעלאָזטען קאָפּ. עי, ס׳איז אַ צו טרויריג ליד! עס דערציילט, פון שטילע מענטשליכע ליידען! צופרידען. אַ צווייט ליד וועל איך זינגען—אַ פריילי‍כס. הייבט אָן צו זינגען, נישט ווילענדיגערהייט זינגט ער אויס ווייטער א טרויריגע מעלאָדי, באַ׳ם ענדיגען, רופט ער אויס. בעסער וועל איך שוין עפּעס אויסשפּילען. צוגעבענדיג. דאָס פידעלע שפּילט, ווען כ׳וויל עס הערען און וואָס מיין נשמה דורשט דערנאָך... שפּיל! נעמט א פידעלע, הייבט אָן צו שפּילען, הערט פּלוצלונג אויף אין דערמיטען, לאָזט אַרויס דעם סמיטשיק פון דער האַנט, בלייבט שטייען פאַרטראַכטערהייט, צו זיך.

אַזוי זעהט אויס — מיין האַרץ! שפּילט ווייטער.

פּויזע.

## זיגמונט:

אויפקלייגענדיג די פידעל. נארישקייטען. צוגעבענדיג. כ׳געפין מיך נישט יעצט אין אזא גוטען הומאָר, וואָס זאָל זיך מיר גלוסטען צו זינגען און שפּילען, פרייליך מאַכען דורך געזאַנג און קלאַנג...

**פ ו י ז ע.**

## זיגמונט:

פלוצלונג. אַ גוטער געדאַנק, איז מיר איינגעפאַלען! נאָך א ווײלע. כ׳וועל שפּאַצירען אויף די שיין-באַפּוצטע גאַסען פון אונזער שטאָט... אַרומבלאָנדזשען איבער זיי פראנק און פריי, עטעמען מיט דער ברוסט פול פרישע לופט... אויפגעלעבט. כ׳וועל מיך אָנטוען און אַראָבגייען אויף דער גאַס! קליידט זיך אָן עלעגאנט, קעמט די האָר, קוקט אין טאשען-שפּיגעלע, וויל שוין גייען אָב, קעהרט זיך אום צוריק. גוט, וואָס כ׳האָב מיך דערמאַנט. כ׳בין שיעור נישט אַזוי אַראָבגעגאַנגען אויף דער גאַס. העכער. די וואָנסעס, האָב איך דאָך נאָך נישט פאַרפּוצט..? טוט אָן א וואָנסען-טרעגער, שפּרייזט איבער די שטוב.

**ג ר ו י ס ע פ ו י ז ע.**

## זיגמונט:

שטעלט זיך נישט באמערקבאר אָב נעבען פענצטער, הערט דערשראָקען בא׳ם ערשטען אָנבליק. וואָס איז אויף דער גאַס, אַזוי שטיל... אַזוי ליידיג... די לאַמטערען ברענען... העפטיגער, צי אין אזאַ טונקעלער טאָג, וואָס די לאַמטערען זענען אָנגעצונדען אָדער, ס׳איז נאָך נאַכט. דערמאָנט זיך. אודאי איז עס אַזוי!

כ׳האָב נישט געקענט איינשלאָפען, בין איך אראָב פון געלעגער.

**א שטילקייט.**

## זיגמונט:

באמערקט אויף זיך דאָס קליידונג, דערציטערט. וואָס האָב איך מיך עפעס אָנגעטוען. ? וואָס הייסט, איך קען נישט שלאָ-פען?.. פארוואָס קענען אלע ארומיגע יאָ שלאָפען, און איך נישט..? פאר—וואָס..?! ווארפט אלץ פון זיך אראָב, לייגט זיך אויפ׳ן געלעגער, דרייט אויס דעם קאָפּ צו דער וואנט, שרייט נישט-אויפהערליך. איך מוז !! איך, מ—ו—ז !!! —

**פויזע.**

מ׳הערט שווערע טריט און א קלאפען פון א שטעקען, באלד באווייזט זיך אין דער טיר א קאָפּ, צולעצט קומט אריין דער נאכט-וועכטער.

## זיגמונט:

האָט נישט באמערקט זיין אריינקומען, זיפצט. נ-נע, האָב איך דאָס היינט א נאכט אביסעל: קוים איז שוין געווען שטיל א פאָר מינוט און כ׳האָב אָנגעהויבען צו האָפען, אז אָט באלד וועל איך אנטשלאָפען ווערען... האָסטו דיר שוין ווייטער א פרישע אָנשיקעניש! דערזעהט פלוצלונג דעם נאכט-וועכטער, איבעראשט. וואָס טוט איר גאָר דאָ?

## דער נאכט-וועכטער:

גאנץ רוהיג. כ׳גיי מיר אזוי אויף מיין אמט, ארויף און אראָב איבער דער גאס און היט די אָרדנונג... פלוצלונג כ׳געב א קוק, א טיר שטייט אָפען...

### זיגמונט:

שלאָגט אים איבער די רייד, נערוועז. און אז א טיר שטייט אָפֿען, איז וואָס? טאָ, וואָס גייט עס אייך אָן? וואָס איז דאָס עפּעס, אייער באָבע׳ס דאגה..? שרייט. אַרויס פֿון דאַנען! לאָזט מיך צורוה! גייט! —

### דער נאַכט-וועכטער:

וואויל-יונגעריש. און אַז נישט...

### זיגמונט:

בייז. כאַפּ איך אייך אָן פאַר׳ן קאַרק און געב אייך אַ שליידער ארויס פֿון דאַנען, אז איר וועט צושמעטערט ווערען אויף שטיקלעך.

### דער נאַכט-וועכטער:

קאַלט. אויב אַזוי, וואָלט איך טאקע געוועזן אַ בעלן צו זעהען, איר זאָלט עס באַווייזען...

### זיגמונט:

ווי פֿון אַ דונער געטראָפֿען. זענט איר גאָר אַריינגעקו-ען ווערטלען זיך, מיט מיר..?! העצען — מיט מיר..?! מיך אַלץ מעהר אויפצורעגען און צרויסברענגען פֿון געדולד..?! פּאַטשט מיט דער האַנט אין דער לופטען. זאָלט איר אָבער, געדענקען! כ׳וועל מיך אין אייך, נוקם זיין! איין- און איינציגען ביין, וועל איך אייך נישט איבערלאָזען אַ גאַנצען! —

וואַרפט זיך אויף אים שלאָגען, יענער שטופּט אים אָב פֿון זיך מיט שטאַרקע קלעפּ, ווערט וואָס אמאָל אַלץ צורייצטער, צולעצט כאַפּט ער אים — אין דער גרעסטער אויפרעגונג שטיקען.

## דער נאַכט-וועכטער:

וועהרט זיך נאָך א ביסעל שוואך, פאלט אנידער און שטארבט.

## זיגמונט:

דערזעהט אים ליגען טויט, ברעכט ער אויס אין א ווילד געלעכטער, שרייט.

נאָך אַמאָל וועסטו מיך שוין לאָזען, אויסרוהען!! דו וועסט מיר שוין נישט שטערען, מיין רוה!! — טרייסעלט פיבערהאַפט דעם טויטען קערפער.

אויף ביידע לעצטע אויסגעשרייען קומען אַנצולויפען—פון אלע טירען: פארשלאָפענע און האלב-דערשראָקענע מענטשען.

### פ ו י ר ה א נ ג  פ א ל ט.



# א זיהן, א שרייבער

סצענישער וויץ

אין איין אויפציה.

## פאַרשױנען:

דער רעדאַקטאָר.
אַ מיטאַרבעטער.
דער יוד מיט'ן יונגעל.

# די בינע:

א רעדאקציע.

גלייך — זיצט א מיטארבעטער בא'ם שרייב=טיש, גריבעלט זיך אין א פאק=צייטונגען, וואס ליגען פאר אים — אויסשניידענדיג שטיקער פון זיי; נישט ווייט פון אים, אנ'ארויסגאנג=טיר. לינקס — גאנץ באזונדער אין א זייט— זיצט דער רעדאקטאר, קוקט אין פארשידענע פאפירען; צייטענווייז — ארויסבלאזענדיג פון זיי אינ'ם קארב, וואס שטייט אונטער'ן טיש. אויפ'ן שרייב-טיש א שטיי-טעלעפאן. איבער אים—אויף דער וואנט—א לאנד-קארט, בילדער פון בארימטע שרייבער.

ביידע זענען א ווייל'ע אריינגעטאן אין זייער ארבעט. מ'קלאפט אין טיר, דער מיטארבעטער רופט אויס: „ארייך!" עס עפענט זיך די טיר און ס'קומט אריין דער ייד ער קוקט אין דער ערשטער מינוט פארווינדערט, מיט דערשראקענע בליקען ארום זיך, מאכט א פאר טריט און ווענדט זיך צום מיטארבעטער. יענער מאכט זיך אים נישט באמערקען און קוקט אנגעשטרענגט אין די צייטונגען. קורצע פויזע. —

---

ייד: (נישט דרייסט) כ'האב אייך געוואלט עפיס בעטען. ס'הייסט, נישט בעטען — געלט וויל איך אייך געבען צו פארדינען. (העכער) „די מסחר-וועלט, ווייסט נישט פון טובות. אלע

זענען גלייך, נישטאָ קיין מיוחסים: בא מיר איז'ם גע־
שעפט, אז ס'קומען אריין א פאָר סוחרים, פארקויף איך
אלע אויף איין פרייז; מ'זאָגט נאָר יעדערען, מיט אנ־
אויסרייד: וויל פאר אייך — פארקויף איך עס"...

מיטארבעטער:

(הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט איהם א ווייל פארווינדערט אָן,
רעדט דערבאַ) וואָס זענט איהר, ר' יוד, אריינגעקומען מיך
מאכען פאר א סוחר?.. דולט מיר נישט קיין ספאָדיק —
בעט איך אייך. (צוגעבענדיג) גייט אהין צום רעדאקטאָר
און דערציילט איהם אייערע סוחרישע מנהגים!

יוד: (שטאַמעלט) אָבער...

מיטארבעטער:

(לאָזט איהם נישט רעדען, הויפּט אויס) גאָרנישט! דאָרט אהין,
גייט — צום רעדאקטאָר! גייט! — (ווייזט מיט די האַנט אויפ'ן
צווייטען טישעל, נעמט זיך צו זיין פריהערדיגע ארבעט)

יוד: (רירט זיך נישט פונ'ם אָרט, שטייט און באַטראַכט איהם, בייסט
דעם שפּיץ פון די באָרד, מיט א שמייכעל) כ'פארשטיי אייך
נישט. ס'הייסט, אז ס'קומט אריין א יוד מיט א באָרד און
פאות — מוז ער צוגייען צו דעם טיש; און א יונגערמאַן
— צום צווייטען. (העכער) וואָס, איהר זענט נישט, מינדעג?
איהר דארפט שוין אלט זיין, לויט מיין אָבשאַצונג: א
זעקס־און־צוואנציג יאָהר — איז צופיל, דריי־און־צוואנציג
— צו יונג... (רעכענט א ווייל אין דער שטיל, גיט זיך א
חאַפּ, דרייט זיך אויס, לאָזט זיך מיט שנעלע טריט צום רעדאק־
טאָר, פארנייגט זיך פאר איהם א פאָר מאָל, ווארט ביז יענער

וועט איהם באמערקען, ס׳געשיהט. ער האט א אָב ביין־שנעל דאָס היטעל)

רעדאַקטאָר:

(גרייבצייטיג) איהר קענט גייען, אינ׳ם היטעל! וואָס האָט איהר געוואָלט? רערט שנעלער, כ׳האָב נישט קיין צייט. — (מאַכט גלייך די פּאַפּירען, ברענגט אַלין אין אָרדענונג, וואָס ליגט אויפ׳ן טיש, איז פאַרטיג, קוקט נישט אויף דעם יונג)

יונג: (טוט אָן דאָס היטעל, שטאַמעלט) כ׳האָב אייך געוואָלט בעטען... איהר זאָלט דערלויבען מיר... אדורכצושמיסען מיט אייך... וועגען וועלכען ס׳איז ענין, א פּאָר מינוט...

רעדאַקטאָר:

(ווי פריהער) זיצט.

יונג: (וויל זיך זעצען, נאָר ער שפּרינגט יעדעס מאָל אויף מיט א גל׳ אויסגעשריי: „איי! איי!" ווי ר׳וואָלט געהאט א פאַרבאָרגענעם ווייטאָג, און ער קען נישט איינזיצען אויף אַנ׳אָרט. צולעצט לאָזט ער זיך אראָב אויף א שטול, מיט שטילע זיפצען און קרעכצען—ער באַרוהיגט זיך, נעמט אַרויס א טאַבאַק־שקעטעלע, טראָגט עס אונטער די נאָז, צוניסט זיך הויך אויף׳ן קול: „אפּטשיך" „צום געזונט" וויל זיך איינהאַלטען, נאָר ער צוניסט זיך וואָס אמאָל אַלין שטאַרקער. דער רעדאַקטאָר קוקט אין אָנהויב אויף די גאַנצע סצענע רוהיג, יוערט אָבער אַלין מעהר אויפגערעגט, שפּרינגט אויף פֿון אין כעס)

רעדאַקטאָר:

(גיט א שטאַרקען זעץ אין טיש אריין) הפלל, איהר וועט דערציילען צוליב וואָס, איהר זענט אריינגעקומען אָדער נישט..?

**יוד:** (דערשראָקען) שוין, די מינוט דערצייל איך אייך!—(נאָך א ווײַלע) אזוי, ווי מיר האָט איינער געזאָגט: ס'הייסט, יענער איז חלילה וחס נישט קיין „פלאָשער"—ר'וועט נישט גלײַט „מוטלען"... א היימישער מענטש! כ'קען איהם! מיין ווייב איז אפילו מיט איהם, שני שבשלישי: ס'הייסט, מיין ווייב און זיין ווייב'ס—(פאַרענדיגט נישט).

**רעדאַקטאָר:**

(האַפּט אונטער) יאָ, זיי זענען געווען—צוויי זינדיגע מענטשען אויף גאָט'ס ערד! (לאַכט צופרידען).

**יוד:** (הייבט אָן צו דערציילען, אין אָנהייב שטיל, וואָס ווייטער אַלץ העכער, מיט מעהר פייער) איך האָב—פאַרשטייט איהר מיך—א יונגעל, א בחור, א גאַנצער מאַנספּאַרשוין. און טאָמיר מיינט איהר, אז ר'איז שוין א מאַנספּאַרשוין... חלילה וחס! בא די וועלט הייסט ער נאָך גאָר—א יונגעל! [illegible] איך אליין וואָלט געווען צופרידען, ס'זאָל זיין פאַרקערט!—(העכער) כ'וועל אייך געבען צו פאַרשטייען, ווער ס'הייסט בא מיר די וועלט: אַנומעלט, בין איך געפאָהרען צום רבי'ן, האָב איך איהם מיטגענומען... מ'מוז ווייזען דאָך א יודיש קינד, האָטש א מאָל א רבי'ן; ווייזען איהם דעם אמת־פייערדיגען חסיד; אָדער ווי איך טייטש עס אויס אויף מיין שטייגער, ווייזען איהם: „וואו ס'שטעקט אונזער גרויסקייט, און אויף וואָס מיר יודען זענען שטאָלץ מיט אונזער פרייער תורה"... נישט יעדער יוד זאָל בא איהם הייסען—חסיד. נישט איטליבעס רב'ל אין א שטרייטמעל—רבי. מ'מוז מחנך־זיין דאָך איהם, במצות!—(מיט פייער) א',

וועט איהר פרעגען, ס'וועט קאסטען פאר איהם הוצאות..? שטותים!! „מאן דיהיב חיי, יהיב מזוני": ווער ס'גיט מיר אויף הוצאות, וועט מוזען אויך איהם געבען... אבער איהר הערט, רעדאקטאר לעבען, מיר איז איבערגעבליבען נאך א רעשט פון די הוצאות..?! וואס—ס איז..?! באשר מיינער איז נאך—א יונגעל!!!—חע—חע—חע!— (מיט א פאר־פאפטען אטעם) איהר הערט, בא מיר ז'דאך געלט טייער: א רובעל צו פארדינען וואלט איך דאכט־זיך געלאפען, דריי מייל וועג צו פיס—נאר, עפיס אין יענער מינוט וואלט איך געוועז צופרידען, ווען מ'וואלט צו מיר: „צאל צו, פאר נאך א האלבען בילעט!' כ'וואלט חאטש דערלעבט א נקמה, אינ'ם קאסירער! — (מיט פאטערליבע) איהר פאר־שטייט, כ'נעם איהם צום רבי'ן, הייב שוין אן מיך פויר־צושטעלען מיט איהם, ציהען זיך, איז ער נאך גאר בא איהם—א יונגעל... און איהר מיינט אודאי דאס אליין, אלע פונ'ם וואגאן, יודען און קריסטען, האבען נישט אויפגעהערט מיך צו פרעגען: „וואוהין פאהרט איהר מיט אייער יונגעל..?" שוין ווייטער—יונגעל!!!—(שפרינגט אויף) וואס וואלט זיי געארט, ווען זיי זאגען א שטיינער צו מיר: „וואוהין פאהרט איהר מיט אייער בחור!" וואוהין פאהרט איהר מיט אייער יונגערמאן!" איהר פארשטייט ס'ווארט „בחור—יונגערמאן" איז שוין גאר, עפיס אנדערש. ס'איז שוין לייטישער, שוין ווי מ'זאגט: מע—ני—שער...

רעדאקטאר:

(מורמעלט) אבער, מאכט עס בקיצור! כ'האב נישט קיין צייט!—

יוד: (שטייט אויף) כ'לאָז אייך אַרויס, פֿון אחריות. וואָס מיינט איהר, איך האָב אייך פֿוירגעלייגט צו קויפֿען, בראַקירטע סחורה..? ס'שטייט נישט אָן אייך צו הערען, הערט נישט! (לאָזט זיך צו דער טיר, פֿאַרהאַלט זיך, דרייט זיך אויס) איבע־ריגענס, וויל איך דאָך אייך עפּיס געבען געלט צו פֿאַר־דינען?.. איהר ווילט, נישט?!.. האָט מיר — אַ גוטען!

רעדאַקטאָר:

(שוין אַ ביסעל נייגעריג) וואָס איז'ס, פֿאַר אַ געלט—

יוד: איהר וועט דאָך הערען.

רעדאַקטאָר:

(באַפֿוילט) אַלזוי, דערציילט — נאָר, מאַכט עס וואָס שנעלער.

יוד: (גייט צוריק פֿאַמעליך, לאָזט זיך אַראָב אויף זיין פֿריהעריגן אָרט, נעמט ווייטער דערציילען, דאָססאָל שוין מיט מעהר זיכערקייט און באַגייסטערונג אין זיין קול) כ'האָב מיך מישב געווען— איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל — איך מוז ווייזען זיי אַז מיין זיהן איז שוין אויס יונגעל, און אויך איהם אַליין מאַכען פֿאַר אַ לייט.—(העכער) ס'ערשטע, ווייזען זיי אַז מיין זיהן קען אויך זיין אַ לייט, אַז ר'קען אויך פֿאַרדינען אַ פֿאָר קערבלעך; אַז פֿאַר מיין זיהן מוז מען האָבען דרך ארץ ווי זאָגט מ'דאָס: „אויסהיטען זיך גוט, אַנדערע מ'גייט רע־דען"... ס'צווייטע—תכלית. גרעסערע גבירישע בחורים ווי „ער" פֿאַרדינען היינט געלט. ס'איז שוין אויס חרפּה, געלט צו פֿאַרדינען. (אין דער וועלט אַריין) אַ מאָל אַז מ'האָט געהאַט אַ בחור, וועלכער האָט נישט פֿאַרדינט, ר'איז גע־

יעסען אין בית המדרש אדער, אין ישיבה געלערנט איז׳ס אויך געוועזען — א תכלית. מ׳האט געוויסט אז אויפ׳ן בחור וועלען געפינען זיך בעלנים: ס׳וועט אין א שיינעם פריהמארגען קומען צו פאהרען עפּיס א גביר פון א צווייט קליין שטעטיל, איהם אויקליידען, נעמען צו זיך אין שטיב אריין, התונה מאכען מיט זיין בת יחידה, געבען איהם אייביגע קעסט... אבער, היינט — זעגען אוים די צייטען! היינט — האט קיינער אויף אזא מין פּרי, אפילו נישט אויפקוקען זיך! דער היצעל, וועט איהם אויפ׳ן סטריצעק, פאר א הונט נישט אויפחאפּען! (צווישענרייד) די היינטיגע וועלט פארלאנגט, געלערנטע מענטשען, פאבלייט, פארדינערס, געלערנטע מענטשען: „קענערס, וואו זיי קומען — פארשטייען זיי וואס יענער רעדט„; פאבלייט: „וואס ד׳אויגען זעהען, מאכען נאך די הענט„; פארדינערס: מענטשען וואס „באנייען״ יעדע וואך, פרישע צאפּעלדיגע קערבלעך... (נאך א ווייל׳ע) מיט איין ווארט דער גביר אדער בעל־הבית זאגט אז באלד דעם שדכן, ווען רקומט צו איהם אין שטיב אריין: איהר זאלט מיר שאפען א בחור, וועלכער איז ערגיץ וואו אויף א שטעל אדער, ר׳האט א גוט פאך אין דער האנט. געלט איז בלאטע. צוליב געלט וועט דער שדוך נישט צוגייען זיך — ער זאל זיין דער גרויסער פארדינער אדער, דער גאנץ־גוטער־פאכמאן, קען נאר זיין אינגאנצען אהן געלט... (רופט אויס) אי, וועט איהר פרעגען, וואוהין קומען אוועק די ליידיגייערס...? ווער חאפּט־אויף זיי, פאר איידעמס...?! (א מאך מיט דער

האַנט) איז דער תירוץ דאַרויף, די וועלט איז—גרויס!!!—
(פאַרטראַכט זיך, ווערט פאַרזינקען אין געדאַנקען)

א שטילקייט.

יוּדי: (האַפּט זיך אויף, ווי פון שלאָף) יאָ, הכלל ווייסט איהר דאָך נאָך נישט צוליב־וואָס, כ'בין צו אייך אַריינגעקומען. נאָך וואָס מיר האָט געטוינט דער גאַנצער טאַראַראַם, צו דער־ציילען אייך אַזוי פיל מעשיות — איז הערט מיך אויס. (נאָך אַ ווײַלע) מיר האָט איינער געזאָגט, דאָס מיין איך טאַקע מיין ווײַב'ס קרוב: אַמאָל זיצענדיג צווישען מיין געזינדעל, ווײַב און קינדער, און מיר האָבען גערעדט וועגען וועלטליכע זאַכען, פּאָליטיק, האָט ער מיר געהאַט דערציילט, אַז אויף דער גרויסער וועלט זענען פאַראַן מענטשען, וואָס אַרבעטען לטובת הכלל: ס'הייסט, זיי שרייבען אין די בלעטער, קלערען אויף ס'פּאָלק, רעכענען די יונגענס, און זיי קריגען אויך באַצאָלט אַ „האָנאָראַר". פאַר די אַרטיקלען וואָס ווערען געדרוקט אין די צייטונגען. מיט איין וואָרט, האָט מיין ווײַב'ס קרוב געזאָגט — ס'זענען פאַראַן שרייבער, קינסטלער, וואָס ווידמענען זייערע בעסטע יאָהרען די קונסט, זענען זייער טרייע דינער, נאָר זיי לעבען אויך דערפון, ציהען חיונה, איטליכער אויף זיין שטייגער.—(העכער) אָט פּדומה, דער שרײַבער — פון שרייבען; דער אַרטיסט — פון שפּילען; דער מאָלער — פון מאָלען... (נייגעריג) אָבער, איז'ס אַלץ אמת, וואָס כ'האָב אייך דערציילט אין זיין נאָמען..? קריגען טאַקע די שרייבער באַצאָלט, פאַר'ן שרייבען...?!

אין איהר מאכט אודאי אייערע מיטארבעטער, אויך נישט אנ׳אויפנאם...?! (קוקט אויפ׳ן רעדאקטאר, נישט ארויבצוזעהנ-דיג פון איהם אנ׳אויג.)

רעדאקטאר:

(קאלט) אז ס׳איז ווערט האנאראר—צאלט מען.

יוד: (פארווינדערט) אזוי, צאלט מען טאקע—יא...?!!! (מיט א פארבאפטען אטעם) הכלל, הערט מיך אויס, ה׳ רעדאקטאר לעבען. מיין זיהן שרייבט, איז אויסצוגייען ווי א לעכט גארנישט, יענעמס קאפ מיט׳ן הענטיל ד׳ווערט טויזענט רובעל, הונדערט טויזענט—ס׳איז גארנישט צו באצאלען, זאג איך אייך... יענער שרייבט! אלע פשוט גייען-אויס, פאר זיין שרייבען!!! יענער איז—א ספרא רבה!!—

רעדאקטאר:

(שלאגט איהם איבער) וואס טוט אייער זיהן. וואס קען ער?

יוד: (גראב) פארהאקט מיר נישט די רייד! איהר האט אמאל געלערענט—פרק? דארט שטייט: „שבעה דברים בגולם"... (ווי פריהער, ברעטליך) הכלל, כ׳באשטיי מיין זיהן זאל-זיין, א שרייבער: מ׳זאל איהם דרוקען אין די צייטונגען, אי-בערדרוקען אין צווייטע. אין וועלכען זשורנאל, וואכענ-בלאט, מ׳זאל נאר ארייננקוקען, זאל אומעטום זיין — — מיין זיהנ׳ס נאמען; איבעראל אין אלע טעאטערען, פאר-ווילונג-ערטער זאלען אויפגעפירט ווערען — — מיין זיהנ׳ס זאכען... ר׳זאל-זיין—א שרייבער מפורסם! (פלוצלינג) און אפשר מיינט איהר, כ׳פארלאנג איהר זאלט איהם באלד באצאלען, פאר׳ן שרייבען—חלילה וחס! איך וועל

אײַך נאָך, צו־צאָלען! (מיט אַ ווינק) אי, וועט איהר פּרעגען, צי־וואָס מיר טויג בײַ אײַך אײַנצובעטען זיך, מיט'ן געלט..? מיר פאַרשטײַען שוין, צו־וואָס. וואָס אַ דרײַרובעלשטיק וועט אויפטוען, וועלען צוואַנציג נאַגײַקעס נישט־אויספועל'ן... (מיט אַ שמײַכעל) איהר ווערט אין אַזאַ פאַל, גאָר אַ צווייטער מענטש! איהר קוקט שוין אויף מיר—מיט אַנדערע אויגען! —

רעדאקטאָר:

(ליבליך) אָבער, וואָס טוט אײַער זיהן? וואָס קען ער?!

יאַד: (טרויעריג) דערוויַיל—טוט ער גאָרנישט. ר'איז בײַ מיר, אין דערהיים. — (אויפגעלעבט) אָט, טאַקע דאַריבער בין איך צו אײַך אַרײַנגעקומען, איהר זאָלט איהם אַרײַנעמען צוזיך אין רעדאַקציע אַרײַן...

רעדאקטאָר:

(נישט־געדולדיג) וואָס שרײַבט אײַער זיהן: לידער, דערצײַלונגען, ראָמאַנען; ר'האָט אפשר אײַך עפּעס מיטגעגעבען צום איבערקוקען... ווײַזט אַהער! (שטרעקט אויס די האַנט)

יגד: שאַט—אָט ברענג איך איהם אַליין, אַרײַן. איהר וועט אײַך מיט איהם, אַדורכשמיסען.—(כאַפּט זיך שנעל אַראָב פון בענקעל, גייט שטיל אָב, קומט באַלד צוריק, פירענדיג בײַ די האַנט אַ יונגעל פון אַ יאָהר 12 — 10. דער רעדאַקטאָר איז בײַ זײַער אַרײַנקום געבליבען ווי פאַרשטײנערט, ער קוקט אויף איהם, דער יוד רעדט אין דער צײַט צום יונגעל) דו וועסט זאָגען דעם רעדאַקטאָר, וואָס דו שרײַבסט—אַליין. (דערװעהנטערט זיך צום שרײַב־טיש, רופט אויס) אָט, איז ער! —

רעדאקטאָר:

(פאַרווינדערט) ווער איז'ס, דער...?

יוד: (מיט גרויסקייט) נו, מיין זיהן, פון וועלכען כ'האָב אייך דאָ די גאַנצע צייט דערציילט. —

רעדאקטאָר:

(איראָניש) דער שרייבער...?!

יוד: יאָ.

רעדאקטאָר:

(באַקוקט איהם) ר'איז דאָך עפּעס נאָך גאָר—אַ קינד...

יוד: (אין התפעלות) זיי זאָגען, ס'וואקסט אַנ'עילוי—

רעדאקטאָר:

(מיט אַ שמייכעל) אַנ'עילוי גאָר...?! אַנ'אויפגייענדער שטערן...?

(צו איהם) פון־וואָס — לעקט דער עולם אַזוי די פינגער, פון־וואָס...

יוד: כ'וועל אייך זאָגען דעם ריינעם אמת.—(נאָך אוועלע) אַ יונגעל אין די יונגע יאָהרען, נאָך כמעט אַ קינד, האָט אַ גוטען קאָפּ און אַ פייערדיגען מח, איז דער עולם נתפעל פון איהם, זיי האָבען אלע איהם ליב — ממש ווי זייער אייגען קינד—לויבען איהם ביז'ן טאָג אַריין... (בייגט זיך צו צו איהם) און באמת, ער לערענט גוט, שרייבט נישט שלעכט...

רעדאקטאָר:

(האָט נישט פאַרשטאַנען) לערענט גוט — שרייבט נישט שלעכט... (גיט אַ ציה מיט די אַקסלען)

יוד: (האפּט אונטער, נאָך מיט מעהר פֿײַעֶר) בנאסנות, ווי ס'איז אזוי! אזוי זאָל'ך־זײַן אַ טאַטע, צו מײַנע קלײנע קינדער־לעך, ווי כ'בין פֿאַר אײַך נישט מגזם-- אַוואָרט אַפּילו!—(מיט אנ'אויםגעשרײַ) פּ—ס—ס—ס!! ער שרײַ—בט!! ער קען אַנ—שרײַ—בען — — — בלע — טער — ווײַז — — — פֿונ'ם ביכעל אַרויס!!! —

רעדאקטאָר:

(קוקט איהם אַ ווײַלע אָן מיט שפּיזיגע בליקען, אויסער זיך, רופט אויס ביטער) וואָ—ס..? צוליבדעם האָט איהר מיך אָבגעהאלטען אַזאַ לאַנגע צײַט, און מיר געשטערט אין מײַן אַרבעט! אַ שאָד, די צײַט! — (העכער) נײַן, כ'ברויך נישט אַזעלכע מיטגלידער—אין מײַן רעדאַקציע! אַזעלכע מיטאַרבעטער--פֿאַר מײַן בלאַט!! איהר קענט, גײַען!!! —

יוד: אַ גוטען. (גײַט ארויס מיט'ן יונגעל)

רעדאקטאָר:

(קוקט זיי נאָך, רעדט רעדבאַ) העֶ — העֶ — העֶ! שײנע „טיפּען" — באַגעגענט מען אין דער ליטעראַטור, און אין אַ סך שענערע — איז באַרײַכערט ס'לעבען!—

— פֿ ו י ר ה אַ נ ג. —



# פֿאַרשוינען:

מאַרקוס פימסענהאָלץ } לעב-קינדער
זישע טויבענקאָפּ }

פֿעליקס שפּרינגקאַץ — ווייערס א חבר א ביליארד-שפּילער

די מאַסקע

אַרנאָלד קרופּ — פֿאַבריקאַנט

העלענע

דאָס זיסע מיידעל

קעלנער

---

אָרט — א גרעסערע שטאָט.

צייט — די יעצטיגע.

# די בינע:

א קאווע-הויז. רעכטס און לינקס זענען צושטעלט טישלעך מיט ווייסע-מאַרמאָר-פּלאַטען, שטולען נעבען זיי. גלייך — צוויי טירען; איינע פירט אינ'ם בופעט, די צווייטע אין דער ביליאַרד-שטוב אַריין. (אַרויפצוגייען אויף טרעפּען, באַלייגט מיט אַ פּערסישען טעפּיך, פאַרהאַנגען מיט אַ פּאַרטיער.) צווישען זיי — אַ טיש מיט שטולען. פון ביידע זייטען — פענצטער אויף דער גאַס אַרויס. אויף די ווענט: שפּיגלען. אין דערמיט שטיב — אַנ'עלעקטרישער לאַמפּ. מיט קאָלירטע אַבאַזשורען.

---

באַגינען. אין דרויסען גרויעט שוין דער טאָג. גלייך — בא אַנ'עלעגאַנט-סערווירטען-טיש זיצען: מאַרקוס, די מאַסקע, זישע — אַלע דריי אין האַלב-שכורליכע פּאָזען. אונטערן טיש וואַלגערן זיך פלעשער און צובראָכענע גלעזער. — איידער דער פאָרהאַנג ווערט אויפגעצויגען הערט מען זינגען אַ רוסיש-אוקראַיניש ליד. די מאַסקע זינגט סאָלאָ און ביידע מענער העלפען איר אונטער, צולעצט אַפּלאָדירען זיי שטורמיש. קורצע פּויזע. — מאַרקוס גיסט אָן אויפ'סניי די גלעזער און זיי הייבען אָן ווייטער טרינקען.

---

## ערשטע סצענע

### מאַרקוס — די מאַסקע — זישע.

**מאַרקוס:**

מיט אַ קוויטש. לחיים!

**זישע:**

הייזעריג לאָ'מיר געזונט זיין! —

**די מאַסקע:**

פּלאָנסערט מיט די צונג. לחיי... טוב... ולש... ענדיגט נישט.

**אַלע:**

לאַכען.

**מאַרקוס:**

מיט אַ ברייטען זשעסט. ווי לאַנג דו ביזט יונג, ס'לעבען זעהט־אויס שיין, אָנציהענד: נוץ אויס די צייט. די מינוט וואָס פאַרשווינדט, קומט שוין נישט צוריק...

**זישע:**

מאַכט אים נאָך. ווי לאַנג ד'לעבסט און ציהסט דעם אָטעם איז רייב ברידער: קעהר איבער אַ וועלט און לעב אַ גוטען טאָג. לאַכט.

**די מאַסקע:**

מיט אַ קוויטש, לחיים!

זישע:

אויסגעלעבט. לאָ׳מיר נישט וויסען פון קיין צער! —

די מאַסקע:

וויל אויסטרינקען, וואַרפט ס׳גלאָז אויף דר׳ערד, עס צובריזגעט אויף פיצלעך.

אַלע:

לאַכען.

מאַרקוס:

גליקגילטיג. ברידער זי איז בגלופין.

פ ו י ז ע.

מאַרקוס:

רוקט זיך-צו צו איר גאַנץ נאָענט, שפּור׳לעך. דו ליבסט מיך?

זישע:

כאַפּט אונטער. און מיך..?

די מאַסקע:

רוהיג. כ׳קען אייךביידע נישט אָנקוקען.

אַלע:

לאַכען.

מאַרקוס:

מיט פייערליך אין ד׳אויגען. וואַרף אַריין אַ קוש —

זישע:

שפּרינגט אונטער, פון דער צווייטער זייט. און וואָס איז מיין נשמה אַ ראָזשינקע.

## די מאַסקע:

שעלמיש נאַ דיר — און דו זאָג נישט אַז כ׳בין אַ שלעכטע. קושט אַמאָל דעם און באַלד ווידער דעם צווייטען, זיי שטיפען און לאַכען. מאַרקוס און זישע קוקען אויף איר מיט תאוה־בליקען.

## מאַרקוס:

נאָך אַ ווײַלע. געב אַרויף די שציערקע.

## זישע:

פארווינדערט. האָסט דען קעש?

## מאַרקוס:

איראָניש. שוה כסף טויג נישט..?

## זישע:

האַלב אויפ׳ן אויער. אפשר וועט זי טאָקען באַש...

## מאַרקוס:

ענטפערט. רעד מיט איר.

## זישע:

רעדט עפעס אין דער שטיל מיט די מאַסקע.

## די מאַסקע:

רופט אויס. יאָלדען... איר האָט נישט צו באַצאָלען, איז אַ חרפה? כ׳האָב ליב אַרויסצוהעלפען אַ גוטען ברודער... נאָר נישט קיין וויטשטאָק... די פריי זאָל מיר אַזוי דינען.

## אַלע:

לאַכען.

## מאַרקוס:

פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, קלאַפט לייכט מיט׳ן פינגער קעלנער כ׳צאַל! —

**זישע:**

אויפגערעגט. עס קומט נישט? פייף איך אים אָן אַ וואַלס! כ׳ווער אַ האָז. שטייט אויף.

**די מאַסקע:**

קאָקעטיש צו מאַרקוס׳ן, וואָס איז געבליבן זיצן. און איר? בלייבט דאָ.

**מאַרקוס:**

קאַלט. יאָ. כ׳בין שטאַרק מיד... כ׳מוז מיך אויסרוהען.

**די מאַסקע:**

שעלמיש. אפשר וועט איר אייך לאָזען אָנרעדען —

**מאַרקוס:**

ענטפערט נישט.

**די מאַסקע:**

אַדיע!

**מאַרקוס:**

צום ווידערשפּעניגען.

**זישע:**

פירט אַרויס די מאַסקע געאָרעמט.

**פעליקס:**

קומט אַריין.

## צווייטע סצענע

### מאַרקוס — פּעליקס — שפּעטער זישע.

**פעליקס:**

אַריינקומענדיג. גוט יאָר.

## מאַרקוס:

אַפּאַרט. קיין שום שלעכטס זאָל נישט-זיין אויף ד׳וועלט און — דו נישט. גייט אים אקעגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט. וואָס מאַכסטו עפּעס גוטער ברידער? וואו ביזטו געווען אין די גרויסע פּרעסט..? ערנסט. כ׳האָב דיך שוין נישט געזעהען, אַ שאָק מיט יאָרען. כ׳האָב גערעכענט, אַז דו ביזט ערגיץ־וואו איינגעפּרוירען געוואָרען.

## פעליקס:

קוקט אויף אים מיט שעלמישע בליקען, איראָניש. דו ווייסט, אַז כ׳בין דיר נישט קיין שונא: וואָס כ׳וויל זעהען באַ דיר, זאָל׳ך טאָפּעלט באַ מיר זעהען — באַ דיר איין פוס, באַ מיר צוויי... לאכט ציגיש.

## זישע:

קומט אריין, ער האָט געהערט די לעצטע ווערטער.

## זישע:

מישט זיך אריין. דו ווייסט כאָטש, ער שטאַמט פון גרויסען יחוס: זיין פאָטער, האָט אין אַ נאָענט שטעטעל, געעפעניט — אַ באַנק (מיט אַ וויטריך); דער ברודער זיינער, איז — אַ פאָטאָגראַפיסט (נעמט אַראָב פון דיביידעם) פאַר אים איז „אָפען״ יעדע טיר און מיט זיין אָנקומען „קלינגט״ (פון די קייטען) די שטאָט; אַ צווייטער ברידער, איז — אַ לייכטער פאַרדינער (ר׳שלעפּט פון די טאַשען) שטענדיג איז ער אויסגעפּוצט, די יונגע ווייבלעך און מיידלעך, שטאַרבען פאַר זיין קוק — ער לעבט פון זיי...

### פעליקס:

צופרידען. ביזט אַ יונג מיט אַ מעטריקע — כ׳האַלט פון דיר. קלאַפּט אים אויף די פּלייצעס. דו וועסט אַמאָל מיר צונויץ קומען. לאָזט ציניש.

### מאַרקוס:

גלייכצייטיג. טאָק ס׳פינעפטעל.

### פעליקס:

בייז. כ׳האָב אויף דיר שוין לאַנג אַנ׳אויג.

פּויזע.

### פעליקס:

מיט אַ געלעכטער. ווי האָט איך נעכטען געפאַלען די רייף, וואָס כ׳האָב פאַרוואָרפען —

### זישע:

דאָס כח איז גוט געווען.

### מאַרקוס:

קאַלט. ווי אַזוי איז׳ס געשעהען.

### פעליקס:

נאָך אַ ווײַלע. כ׳דריי מיך אַרום אין זאַל, אָהן אַ שטאָך אַרבעט, כ׳געב אַ קוק: מ׳לאַווירט אַ מאַסקע, חברה תרתּרים לויפען איר נאָך, באַלד ווערט זי אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען — ס׳הילכט אַ געלעכטער, דער עולם ווײַלט זיך, די מוזיק שפּילט — מיט אַמאָל דערהערט מען אַ קנאַק, צמיצער האָט עפּעס דערלויבט זיך אַקעגען איר און זי האָט אים דערלאַנגט אין פּנים — דער עולם לאַכט, ער

שטייט אַ פאַרשעמטער מיט אַנ׳אַראָבּגעלאָזטען קאָפּ, זי גייט אַוועק אין אַ מאַיעסטעטישע פּאָזע, אַלע קוקען אויף איר מיט התפּעלות...

מאַרקוס:

כ׳האָב ליב אַזאַ נקבה!

זישע:

דאָס איז אֵש! שוס-פּולווער!

פעליקס:

(די פריהער.) שפּעטער האָב איך מיר פאַרדינט דאָס משא מתן, כ׳האָב דערקענט גאָר ווער זי איז: כ׳האָב באַלד איר פאַרטרויט דעם סוד אַז טאָמער מאַכט זי גרויסע אָנשטעלען וועל׳ך אויסשחור׳ען זי פאַר אַלע, מיינע איז געוואָרען אָנגעצויגען: כ׳האָב מיך אַריינגעלאָזט מיט איר אין טיפע דרכים; מיר האָבען ביידע לוסטיג פאַרברענגט די צייט — און געוויקעלט ביז׳ן גרויען טאָג אַריין — — —

זישע:

און ווער איז זי געווען?

פעליקס:

דאָס בּלייבּט אַ סוד.

**ש ו ײ ג ע ן.**

פעליקס:

(צו מאַרקוס׳ן.) ווער איז די קראַפט געווען — אודאי דיין כלה?!

**מאַרקוס:**

**וועלכע—**

**פעליקס:**

דו האָסט דיך מיט איינע אַרומגעבלאָנקעט כמעט די גאַנצע נאַכט, צולעצט: געזעסען מיט איר קוצעניו מוצעניו אין ווינקעל.

**מאַרקוס:**

*איראָניש.* דו האָסט אַטעות געהאַט. כ'האָב כסדר זיי געביטען... איינע האָט מיר דערעסען זיך, האָב איך זי באַלד אויסגעטוישט אויף אַ צווייטע... כ'פיר מיך שטענדיג אַזוי.—

**זישע:**

*רעדט ווי אין דער וועלט אריין.* אַ גרויסער יריד... אַ סך לוסטיגע ווייבער שמייכלען דיר אַקעגען: פאַרפירערישע אייגעלעך, דעקאָלטירטע לייבער, שיינע געטאָקטע פיס... מוזיק, גראַציע, באַוועגונג... אַלץ איז פול מיט לעבען... דאָס פרישע צאַפּעלדיגע לעבען...

**מאַרקוס:**

*מיט גרויסקייט.* מיר האָבען פאַרברענגט אַ פריילעכע נאַכט: ערשט באַגינען, ווען אין דרויסען איז שוין גרויער־טאָג געווען, זענען מיר אַהיימגעקומען.

**פעליקס:**

*סארקאסטיש.* אייערע קינדער זאָלען עס נאָכטוען.

*גייט ארויס.*

# דריטע סצענע

## מאַרקוס—זישע—אַרנאָלד—העלענע שפּעטער קעלנער.

### אַרנאָלד:

פון אונטער די קוליסען. כע—כע! קום, מיר וועלען איבערכאַפּען עפּעס אינ'ם מויל אַריין און פאָהרען צו דער באַהן. קומט אַריין מיט העלענע. דערזעהט מאַרקוס'ן און זישע'ן קוקט אויף זיי א ווײַלע, זעצען זיך בּײַ א טישעל לינקס — פּונקט אַקעגען איבּער זייערס — זיצען און שווייגען. קורצע פּויזע.

### אַרנאָלד:

רופט. קעלנער! יענער קומט שנעל אַריין.

### קעלנער:

אַרײַנקומענדיג. כ'שטיי צו דינסט.

### אַרנאָלד:

זאָגט אים עפּעס אין דער שטיל, יענער הערט אונטערטעניג, ווייל אַרויסגייען.

### קעלנער:

מיט געשיקטקייט. שוין ברענג איך. גייט צו דער טיר.

### אַרנאָלד:

שרייט אים נאָך. פאַרגעסט נישט, וואָס כ'האָב אייך געזאָגט. אויב נישט, קענען מיר נאָך דעם צוג פאַרשפּעטיגען.

### קעלנער:

שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. גוט. לויפט אַרויס.

### מאַרקוס:

אַן א זייט, צו זישע'ן. וואָס זאָגסטו צו דעם נומער. ווי געפעלט זי דיר?

**זישע:**

באקוקט זי. נישקשה, נישט קיין מיאוס מיידעל —

**מאַרקוס:**

פאַריכט אים. מ'שמועסט, אַ גאַנץ שיינע.

**זישע:**

מיט ליצנות. כ'זעה, זי האָט דיך „אָנגעצויגען" ווי אַ זייגער — און דו ווילסט אודאי מיט איר באַקענען זיך..

**מאַרקוס:**

נישט אראָבנעמענדיג פון איר אַנ'אויג. כ'זאָג מיך נישט אָב דערפון. זי זעהט-אויס: אַ שטרענגע, אַנ'אָבגעזונדערטע. פאַרשלאָסען אין זיך — זי וועט נישט שליסען באַקאַנטשאַפט מיט אַ פרעמדען מאַנספאַרשוין.

**זישע:**

און דו ווערסט נתפעל דערפון —

**מאַרקוס:**

מיט גרויסקייט. כ'האָב שוין אין מיין לעבען, גרעסערע פעסטונגען איינגענומען און וועל בלייבען דאָ דער זיגער. שטייט אויף. כ'קען גוט דעם „שיינעם מין" — און ווייס, ווי מיט-זיי צו באַגייען! לאַכט ציניש.

**קעלנער:**

קומט אריין, טראָגט אריין די באשטעלטע זאַכען, צושטעלט זיי אויפ'ן טיש, גייט שטיל אָב.

**ביידע:**

עסען און טרינקען.

**פ ויז ע.**

מאַרקוס:

מאכט צורעכט די טואַלעט־ע, גייט צו צום צווייטען טישעל, פארנייגט זיך טיף. זייט מיר מוחל, מיין הער...

אַרנאָלד:

שטענדיג. ס'מאַכט נישט אויס.

מאַרקוס:

עלעגאַנט. מיר זענען באַקאַנט.

אַרנאָלד:

שטעלט אָן א פּאָר גרויסע אויגען. פון וואַנען ?..

מאַרקוס:

מיר האָבען לעצטענס מיטגעמאַכט אַ נסיעה. נאָך א ווייל. זיצענדיג אין איין קופּע, זענען מיר געווען קאַלט איינער צום צווייטען: אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ביסלעכווייז האָט פאַרבונדען זיך אַ שמועס צווישען אונז — מיר זענען באַקאַנט געוואָרען. אויפגעלעבט שפּעטער האָבען מיר גוט פאַרבראַכט די צייט, פריילך און גאָר אפילו נישט באַמערקט ווי די שעה'ן לויפען שנעל אַוועק... איידער וואָס־ווען, האָבען מיר געדאַרפט שוין נעמען די זאַכען. לאַכט.

אַרנאָלד:

מיט ליכטיגע אויגען. כ'דערמאַן מיך. דאָס איז געווען ווען כ'בין צוריקגעפאָהרען פון אויסלאַנד, האָבען מיר געטראָפען זיך. קוקט אויף אים. געדעכט. כ'האָב אייך נישט דערקענט. דערמאַנט זיך. איר האָט מיר דאַמאָלס געטוען אַ שטיקעל טובה: געהאָלפען אַרויסנעמען די זאַכען פון

וואַגאָן. כ׳האָב אייך געוואָלט דאַנקען, זענט איר שוין נישט געווען. כ׳געדענק עס גאַנץ גוט. שפּרינגט אויף. כ׳בעט, זיצט. רוקט אים אונטער אַ שטול.

## מאַרקוס:

מיט אַ ברייטען זשעסט. באַמיהט אייך נישט. כ׳בין אין געזעלשאַפט.

## אַרנאָלד:

קוקט פאַרווינדערט אויף אים.

## זישע:

אַפּאַרט. אָ, ר׳נעמט דעם אַלטען תרח אויפ׳ן גאַנצען זיכער —

## אַרנאָלד:

דרייט זיך ארום אים כ׳האָב פאַרגעסען — ס׳איז מיר ווי אַרויסגעפלויגען פון קאָפּ אַרויס. דאַכט זיך... איר הייסט... רופט אויס. כ׳קען מיך נישט דערמאַנען אייער נאָמען.

## מאַרקוס:

קומט אַריין אין די ראָל אָך, מיט׳ן גרעסטען פאַרגעניגען. מיט אַ באַוועגונג. כ׳שטעל מיך פאָר פאַר אייך: גראַף פון פּאָמפּאַדור; ווייזט אויף זישע׳ן. מיין חבר, באַראָן פון וויזעל־טיר. ביידע פאַרנייגען זיך פאַר אים עלעגאַנט.

## זישע:

אַפּאַרט. אָ, די באָמבע האָט אויפגעריסען. לאַכט צוניש.

## אַרנאָלד:

קוקט אויף זיי. כ׳האָב גאָרנישט געוויסט, אַז כ׳האָב פאַר זיך אַזעלכע צוויי גרויסע לייט —

**זישע:**

אפּארט. כ׳ווייס נאָך נישט, צי מיר זענען־עס...

נעמט אָן אַנ׳ערגעסטע מינע, מארקוס האָט אויף אים געוואָרפן אַ בליק, ער קוקט אויף ארנאָלד׳ן

**אַרנאָלד:**

גייט צו. מיין נאָמען איז — אַרנאָלד קרופּ. פאַבריקאַנט און גרויס־אינדיסטריעלער. דערלאַנגט זיי די האַנט. בּיידע דריקען זי פריינטליך, אַלע דריי רעדען עפּעס אין דער שטיל, קורצע פּויזע.

**אַרנאָלד:**

דערזעהט העלענע׳ן שטייען אָן אַ זייט, פאַרכאַפּט זיך. כ׳האָב אייך נאָך נישט פאָרגעשטעלט. באַקענט אייך. — העכער. מיין טאָכטער העלענע — גראַף פון פאָמפּאַדור; באַראָן פון וויזעלטיר — העלענע קרופּ.

**אַלע:**

פאָרגעשטעלטע, געבען די הענט איינער דעם צווייטען.

**זישע:**

צו העלענע׳ן. כ׳האָב אייך באַקענט, ס׳פרייט מיך —

**העלענע:**

שעפּטשעט. און מיך אויך.

**אַרנאָלד:**

אין אַ צווייטען ווינקעל. צו מאַרקוס׳ן. איר זענט גערעכט, ה׳ גראַף, דער וואָס לעבּט נישט אויף די וועלט — האָט פון יענער וועלט אודאי גאָרנישט צו דערוואַרטען...

בּיידע לאַכען הארציג.

**מאַרקוס:**

צו העלענע׳ן. כ׳האָב אייך געזעהען אויף אַ באַל.

**העלענע:**

מיט א געלעכטער. **אפשר** —

**מאַרקוס:**

און געטאַנצט מיט אייך...

**העלענע:**

דאָס זיכער נישט.

**אַרנאָלד:**

פייערליך. מיין חשוב'ע געזעלשאַפט, כ'בעט פאַרנעמען די ערטער באַ'ם טיש: וועלען מיר אַביסעל פאַרברענגען צווישען זיך.

**אַלע:**

גייען צום טיש, העלענע זיצט נעבען מארקוס'ן און זישע'ן, ארנאָלד פון אויבען אָן.

**אַרנאָלד:**

רופט. קעלנער!

יענער קומט שנעל אריין.

**אַרנאָלד:**

צו אים. גיט אַריין, שאַמפּאַניער.

**קעלנער:**

**גוט.** — גייט א וועג.

**אַרנאָלד:**

ליבליך. **אויב** איר וועט דערלויבען, וועל איך עפּעס אייך דערציילען.

**זישע:**

אדרבה.

## העלענע:

מיט א ברייטען זשעסט. מיר הערען.

## אַרנאָלד:

נאָך א ווײלע מיר זיצען אין וואַגאָן קומט אַריין אַ יודענע, גיט אַ פליעסק מיט די הענט, אויסרופענדיג: מאכט נאָך. „ווי גרויס זענען גאָט'ס ווינדער! ס'איז דאָך אַ מלכות'דיגע דירה: מ'קען דאָ וואָינען, מאַכען שמחות, חתונות און ברית'ן... אָוואַ! פש!" — די יודענע קען זאַט נישט אָנקוקען זיך, שטייט און קוקט אויף אַלע מיט התפעלות און אירע ליפען שעפטשען עפּעס אין דער שטיל. פלוצלינג שרייט זי אויס ווי נישט מיט איר קול: קרימט נאָך. „אוי, ר'וועט דאָך מיר נאָך אַ מעשה אָנטוען! די קישקעס טאַנצען אַזש אין מיר, פון זיין שאָקעלניש! יודען, זאָל ער אָבשטעלען דעם פייפער, וואָרום כ'האַלט שוין מער נישט אויס"! — אַלע לאַכען, קאַטשען זיך אויף די בענק און מיין יודענע אַנטלויפט בייז... לאַכט.

## מאַרקוס:

טײַט זיך פאר געלעכטער מיר זענען שפעטער געוואָיר געוואָרען, איז זי ס'ערשטע מאָל געפאָהרען אויף דער באַהן. מאַכט נאָך „יודען, זאָל ער אָבשטעלען דעם פייפער, וואָרום כ'האַלט שוין מער נישט אויס"! לאַכט.

## אַלע:

לאַכען.

### קעלנער:

קומט אריין מיט פלעשער און גלעזער, צושטעלט זיי אויפ'ן טיש גייט שטיל אָב.

### אַרנאָלד:

גיסט אָן די גלעזער כ'בעט, טרינקט —

### זישע:

שטייט אויף. פאַר אונזער געזונט.

### אַלע:

ענטפערען. לחיים.

### העלענע:

הייבט אויף א גלאָז. פאַר אונזער וואָיל-זיין.

### אַלע:

ענטפערען לחיים.

### מאַרקוס:

הייבט אויף אַ גלאָז. פאַר'ן געזונט, פון אייער שיינער טאָכטער —

### אַרנאָלד:

אין התלהבות. בראַוואָ! גוט געזאָגט! —

### אַלע:

טרינקען.

### מאַרקוס:

צו זישע'ן. די באַנק האָט מיר היינט נישט אויס-געצאָלט אַ טשעק און כ'דאַרף נאָך קויפען פאַרשידענע זאַכען פאַר'ן אַוועקפאָהרען... כ'בין פאַרשטעקט מיט געלט... דערשלאָגען. כ'וועל מוזען דאָ נעכטיגען, כאָטש כ'בין יעצט

טעלעגראַפיש אַרויסגערופען געוואָרען פון דאַנען. נעמט אַרויס אַ פּאַק פּאַפּירען.

## אַרנאָלד:

צופרידען. כ׳וועל מיך יעצט רעוואַנזשירען פאַר אייער אַמאָליגער טובה. לאָפט אַרויס דעם טיש׳ער, לייגט אים אַנידער אויפ׳ן טיש. כ׳קען אייך בּאָרגען, ה׳ גראַף, וויפיל איר ווילט נאָר אַליין. אפילו מיין גאַנצען פּאָרטפעל — איר ווערט נישט אַנטלויפען מיט מיין געלט... מ׳האָט נאָך מיר נישט צוגענומען אין מיין לעבען, וואָס אַ צובראָכענער טשוואָק איז ווערט. ציטערנדיג. מ׳דערקענט ווער ס׳איז אַ כאַפּער און ווער נישט: ס׳פּנים מסר׳ט אָב דעם מענטש. לאַכט

## מאַרקוס:

מאַכט אַ זשעסט פון נישט-צופרידענקייט.

## אַרנאָלד:

האָט עס באַמערקט. כ׳ווייס עס. ס׳טרעפט, אַז כ׳בּין אין דער פרעמד און מיר פאַרפעהלט צולעצט גאָר אויף הוצאות: כ׳מוז אויפזוכען מיינס אַ באַקאַנטען און מיר העלפען ווי כ׳קען. איראָניש. אין מסחר טרעפט עס פאַרשידען. אַ סוחר מוז צוגעגרייט-זיין צו אַלץ. ליבליך. איר דאַרפט אייך נישט זשעניִרען פאַר מיר... וויפיל זאָל איך אייך געבען? ווארט אויף תשובה.

## זישע

אַז אַ זייט. נעם וואָס מער. דער אַלטער איז אָנגעצויגען —

### מאַרקוס:

פלוצלינג. דאָ האָט איר מיין וויזיט קאַרט. גיט מיר פונט שטערלינג: כ'וועל די טעג זיי אייך צוריקשיקען מיט דאַנק. לאָזט מיר איבער אייער אַדרעס.

### אַרנאָלד:

קוקט אויף אים פארחידערט.

### מאַרקוס:

מיט שעלמישע אויגען. דאַכט-זיך, אַז כ'בין קוראַנט אויף אַזאַ סומע. כ'וועל זי אייך נישט באַנקראָטירען: זי איז פשוט צו קליין פאַר מיר. — בארימעריש. מ'קען מיך איבעראַל, פאַר דעם גרויסען רעיעלען מענטש. מאַיאָנטקעס טרויען מיר מענטשען אויפ'ן וואָרט. מיינע הייזער, שלעסער, האָב איך אין יעדע שטאָט. מיינע גיטער און וועלדער, ציהען זיך אויף מיילען. אויפגערעגט. איר האָט מיך באַליידיגט, ה' קרופ. שטייט אויף.

### העלענע:

לאַבענדיג. צו-וואָס האָט איר אייך אויפגערעגט, ה' גראַף? מיין פאָטער שטופט אייך ס'געלט אין האַנט אַריין און איר ווילט עס נישט נעמען.. טוט צוליב אים. קוקט אויף אים מיט מילדע אויגען.

### אַרנאָלד:

צופרידען. אָט, האָט איר עס. איר דאַרפט אייך נישט איילען מיט'ן אָבשיקען עס, ס'קען זיין מיר וועלען פריהער. נאָך טרעפען איינער דעם צווייטען. וו מיינט איר, ה' גראַף?.. פאַטערליך. אפשר וועט איר אַמאָל פאַרבלאָנדזשען,

צו גאַסט צו אונז? ס'קען אַלץ מעגליך זיין! לאַכענדיג.
איר זענט דאָך שוין יעצט אונזער פריינט, ה' גראַף...
כ'פאַרבעט אייך, אַהיים צו מיר. פאַרנייגט זיך טיף.

מאַרקוס:

עלעגאַנט. כ'וועל שטענדיג אייך געדענקען.

אַלע:

טרינקען.

מאַרקוס:

שטייט אויף. כ'בין נישט קיין ליבהאָבער פון שטאַרקע
געטרענקער און מוז מיך אָבזאָגען ווייטער צו טרינקען.

העלענע:

און איך אויך — שטייט אויף.

ביידע:

רעדען עפּעס אין דער שטיל.

אַרנאָלד:

אָן א זייט, צו זישע'ן. ס'קען זיין, אַז מיר שטערען
גראָד עמיצען. אפשר, ווילען זיי יעצט עפּעס רעדען
צווישען זיך... קומט, ווע לען מיר איבערלאָזען זיי אַליין.
ביידע שטייען-אויף, גייען צו דער טיר.

זישע:

לאָזט אַרויס אים דער ערשטער. איר שפּילט אודאי שאַך,
ה' קרופּ. מיר מאַכען אַ פּאַרטי.

ביידע:

חויך-רעדענדיג אָב, אין דער ביליאַרד-שטוב.

פּויזע.

# פערטע סצענע

## מאַרקוס - העלענע.

מאַרקוס:

פארחלומ׳ט. אָ, ווי גליקליך... בין איך... וואָס מיר זענען... אַליין...

העלענע:

...?

מאַרקוס:

רעדט הייטער. מיר זענען יעצט... אונטער פיר אויגען... און מ׳קען רעדען... נישט געשטערט... איינער מיט׳ן צווייטען...

העלענע:

אביסעל צומישט. איר האָט מיר עפּעס צוזאָגען, ה׳ גראַף?

מאַרקוס:

שווייגט.

מאַרקוס:

נאך א ווײלע. וואָס פאַר אַ שיין וועטער איז היינט אין דרויסען —

העלענע:

טאַקע?

מאַרקוס:

ס׳איז אַ העלער זון-טאָג.

העלענע:

פארשעמט. יאָ.

### מאַרקוס:

גייט האַסטיג צו נאָענט צו איר, שטיל. איר געפעלט מיר...

### העלענע:

גאַיוו. אַזוי גאָר.

### מאַרקוס:

זעהר שטאַרק...

### העלענע:

לאַכענדיג. באמת.

שווייגען.

### מאַרקוס:

מיט אמאָל. כ'בין פאַרליבט — אָהן אייך. ווען כ'זעה אייך, איז פאַר מיר יעדע מינוט — אַ שעה; יעדע רגע — אַנ'אייביגקייט... כ'שטאַרב דאָ פאַר — לאַנגווייליגקייט.

לאָזט אַראָב זיין בליק אויף דר'ערד, בלייבט שטייען ווי אַ פאַרשולדיגטער.

### העלענע:

האָט נישט גוט דערהערט, נעמט אָן אַ פּאָזע. צי האָב איך געמאַכט אויף אייך אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, אַז איר האָט'ס געמוזט מיר אָפען אַרויסזאָגען. לאַכט היסטעריש.

### מאַרקוס:

געבראָכען. איר גלויבט נישט דערין. דאָך איז'ס אַ פאַקט —

### העלענע:

יאָ. אָבער...

### מאַרקוס:

!?..

**העלענע:**

שטאַמעלט. כ׳קען אייך נאָך יעצט דערוויילּ, אַ קלאָרען ענטפער נישט געבען. מיט אמאָל. כ׳מוז מיט מיין פאָטער צוערשט רעדען דערוועגען, הערען וואָס ר׳זאָגט דערצו: שפּעטער וועט איר בעטען מיין האַנט בּאַ אים.

**מאַרקוס:**

שטיל. ר׳וועט אָבער נישט נעמען צוויי פאַרליבטע נשמות און זיי צושיידען אויף אייביג ——

**העלענע:**

גאַנץ שטיל. כ׳מיין אויך אַזוי.

**מאַרקוס:**

מיט פּייערליך אין ד׳אויגע איר וועט מיך ליבען און איך וועל פאַרגעטערען אייך... מיר וועלען ביידע חתונה האָבען און זיין גליקליך...

**העלענע:**

לאַכענדיג. מן הסתּם, וועט עס אַזוי זיין ווי איר זאָגט.

**מאַרקוס:**

מיט געמאַכטען פּאַטאָס כ׳בּין פול מיט פרייד. מיר איז יעצט אַזוי גוט, אַז כ׳וואָלט אַלע מענטשען אַרומגענומען מיט מיינע קורצע הענט און שטאַרק געדריקט צו מיין ברוסט. העכער. כ׳בין פול מיט גליק —— און מיר ווילט זיך יובעלען, שרייען, טאַנצען פאַר פרייד... כאַפּט זי אַרום טאַנצט מיט איר אין אַ שנעלען קאַראַהאָד. נאָך אַ ווײַלע שטעלט ער זי אָב, ביידע לאַכען הויך אויפ׳ן קול.

**פּויזע.**

### העלענע:

מיט ליכטיגע אויגען. כ'מאַך דיר אַ סיורפּריז.

### מאַרקוס:

שעלמיש. צום ביישפּיל —

### העלענע:

מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם. די קריגסט דעם ערשטען קוש פון מיר און ווייס ווי שטאַרק כ'קען ליבּען... כ'בּין דיינע — געגעהן צו מיר... האָבּ מיך ליבּ — — גיט איהם אַ לייכטען קוש אויפ'ן שטערען.

### מאַרקוס:

מיט פאַרמאַכטע אויגען. כ'דאַנק דיר, מיין ליבּסטע.

דריקט זי פעסט צו זיך, אומאַרמונג, קורצע פּויזע. —

### זישע:

קומט אריין.

# פינעפטע סצענע

## די פריהעריגע — זישע.

### זישע:

מעלדעט. ה' גראַף, מ'וואַרט אויף אייך אין דער צווייטער שטיבּ. דער ה' קרופּ, וויל רעדען מיט אייך, וועגען אַ וויכטיגען ענין.

### מאַרקוס:

מיט געשיקטקייט. אָט, בּין איך שוין נישטאָ.

פאַרנייגט זיך פאַר איר טיף, וואַרפט־צו אַ פּאָר לופט־קוש פון דערווייטען, אָבּ.

גרויסע פּויזע.

# זעקסטע סצענע

## העלענע — זישע.

### זישע:

לויפט איבער דער שטיב, שטאַרק אויפגערעגט. אָך, פלאַמען־פייער זאָלען אַראָבנידערען פון הימעל, אַרומכאַפּען אַלע באַשעפענישען פון דער ערד, זיי פאַרברענען און איבער־קעהרען אין אַ שטיק שוואַרצע קויל. איין טריי באַשעפעניש איז נישטאָ צווישען זיי, אַלץ איז פאַרשטעלט, פאַלש? דיין בעסטער גוטער פריינט איז דיין שרעקליכסטער שונא... אָ, כ׳קען זיי גוט די פאַרשאָלטענע מענטשען! די צוויי־זייטיגע בריאות! —

### העלענע:

פאַרוואונדערט. אויף וואָס זאָגט איר עס, ה׳ באַראָן:.. אויף וועמען זענט איר, אין כעס?!..

### זישע:

אויף גאָרנישט און אַלץ. אויף קיינעם נישט און אַלע. קומט אַריין אין די ראָל. שטעלט אייך פויר, כ׳האָב געהאַט אַ גוטען־פריינט: איבעראַל פאַרברענגט מיט אים, תמיד זענען מיר ביידע געגאַנגען — אפילו די קאָלדרע פון בעט געטיילט־זיך מיט אים און געשלאָפען צוזאַמען... צולעצט האָט ער גאָר מיך באַשווינדעלט. בלייבט שטיין מיט אַן׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, קוקט פאַרטרויליך איר אין ד׳אויגען אַריין.

### העלענע:

ווי פריהער. וועגען וועמען־רעדט איר, ה׳ באַראָן.

**זישע:**

מיט אַמאָל דעם גראַף — מיין איך. מיט טרערען אין ד'אויגען. כ'האָב געהאַט אַ מיידעל, „זי" איז געווען מיין איינציגע ליכט פון דער ערד, מירביידע זענען געווען פאַרליבּט — — האָט ער גאָר זי אויסגעכאַפּט און געוואָרען איר חתן...

**העלענע:**

שנעל ווער איז ס'מעדעל, ה' באַראָן? דאָס אינטערעסירט גראָד מיך זעהר שטאַרק צו־וויכען.

**זישע:**

פאַלט אויף די קני. דאָס ביזט דו, מיין טייערע! דו! דו!

**העלענע:**

אויפגערעגט. ווי שעמט איר אייך נישט דאָס צו זאָגען, אָפען און פריי פאַר אַלע, אַז מיר ביידע האָבען געפירט אַ ליבּע — אין דער צייט, ווען מיר קענען נאָך נמעט נישט איינער דעם צווייטען, ערשט דאָ באַקאַנט געוואָרען...

**זישע:**

כ'וועל דיר זאָגען דעם אמת. — נאָך א ווײַלע. כ'האָב שוין אַ לענגערע צייט דיך געליבּט, שטענדיג געזוכט צו טרעפען: כ'זאָל קענען דיר מיין סוד פאַרטרויען, נאָר — ס'איז אלץ נישט געקומען דערצו... העכער. יעצט, איז אָנגעקומען די לאַנג־דערוואַרטע מינוט, די גליקליכע שעה— — ווען כ'בּין מיט דיר אַליין... ניטער. האָט אָבער מיין חבר, דער ה' גראַף, דאָס באַצייטענס פאַרזעהען; אויסגענוצט

עס פאַר זיין טובה ווענען... שטעלט אַן זיין בליק אויף איר, פארשעמט. וואָס קומט אים — דערפאַר ? זאָגט, אדרבה ! ציטערט אַזש אינגאַנצען פאַר פעס. דאָס איז אַ געמיינער יונג, אַ לאַבסערדאַק, נישט אַ גראַף ! —

## העלענ :

שלאָגט אים איבער. איר זידעלט דאָך, ווי אַ מאַרק־יודענע —

## זישע :

פאַרדאָן. ס׳איז נישט מיין געוויינליכע שפּראַך. אַן אַ זייט. כ׳האָב דאָ געקענט יעצט, מיין באַראָנען־טיטעל פאַרלירען... העכער. ליב פריילייין, כ׳האָב נישט געמיינט צו באַליידיגען אייך מיט מיינע ווערטער, אָדער דעם גראַף ! כ׳האָב ביידע נישט געמיינט ! —

## העלענע :

רוהיג כ׳זעה, איר זענט אַנ׳אויפגערעגטער מענטש, ה׳ באַראָן : ס׳מינדסטע קליינינקייט קען אייך דערצערנען און אַרויסברענגען פון געדולד — לאָ׳מיר דאַריבער בייטען דאָס טעמאַ, אָנהייבען רעדען וועגען עפּעס אַנדערש...

## זישע :

געבראָכען. איר זאָגט אָב מיר אין מיין פאַרלאַנג. איר שטויסט מיך פון־זיך אַוועק... ווי פאַר זיך. גוט, כ׳וועל שוין וויסען, וואָס צוטוען ! כ׳וועל מאַכען אַנ׳עק, צו מיין ביטער לעבען און — געווג ! גייט צו דער טיר.

## העלענע :

דערשראָקען. וואָס ווילט איר טוען.

**זישע:**

מיט יאוש **כ'בין פאַרפאַלען**! כ'דאַרף יעצט שוין נישטמער צולעבען, אויף דער וועלט! כ'גיי מיך שיסען, הענגען, דערטרינקען אין אַ קאַלט וואַסער אוּן — אַ סוף צו מיין לעבען! — וויל אַרויסגייען.

**העלענע:**

פארהאַלט אים. באַרוהיגט אייך, ה' באַראָן —

**זישע:**

מיט געמאַכטען פאַטאָס. גאָרנישט! קיינער וועט מיר שוין נישט העלפען! כ'בין פאַרפאַלען! — רופט אויס זייער גליקליך!! מיר זעהען זיך, ס'לעצטע מאָל! גייט אַרויס, קומט באַלד צוריק, כאַפּט אַרויס פון טאַש אַ פּראָשעק, גיט אים קונציג אַ שיט אַריין אין אַ גלאָז פול וואַסער וואָס שטייט אויפ'ן טיש, טרינקט עס שנעל אויס, פאַלט אויף דר'ערד מיט אַנ'אויסגעשריי — צר חלש'ט.

**העלענע:**

אין שרעק, לויפט צו דער טיר. געוואַלט! מענטשען, העלפט! —

**זישע:**

מיט אַ געבראָכענער שטים. שריי נישט מיין געליבטע, רוף נישט צוזאַמען מענטשען אויף הילף. נעם און באַדעק מיין קאַלטען שטערען, מיט הייסע קוש — לאָמיך שטאַרבען, אין דיינע אומאַרמונגען — —

**אַרנאָלד:**

קומט אַריין.

# זיבעטע סצענע

## די פֿריהעריגע — אַרנאָלד.

### אַרנאָלד:

אין טיר. העלענע, צי האָסטו מיך גערופֿען.

### העלענע:

אין דער גרעסער צוטראַגענקייט. פּאָטער, קום שנעלער אַהער. דער ה׳באַראָן, איז אַוועקגעפאַלען אין חלשות.

### אַרנאָלד:

לאָזט זיך צו אים. שווייגסטו. ערשט יעצט האָסטו דיך דערמאַנט, מיך צורופֿען..?! עי, ביזט נישט קיין לייט, מיין טאָכטער! אַ שאָד, די מיה און ס׳געלט, וואָס כ׳האָב אויף דיר געלייגט! לויפֿט צו, קוקט דערשראָקען אויף אים, פּארעט זיך. וואָס איז אייך, ה׳ באַראָן. וואָס איז געשעהען?

### זישע:

שוואַך. מיר איז אַזוי קאַלט... ס׳שוידערט מיך... ווי פֿאַר זיך. כ׳האָב מורא, כ׳קען מיך נאָך דאָ דעו קיהלען. — מאַכט־זיך ציטערן, פֿאַרגלייזט די אויגען.

### אַרנאָלד:

אַן אַ זייט. אַזאַ מענטש, קען צווישען יאָ און ניין — אויסהויכען די נשמה. הערכער. כ׳וועל לויפֿען נאָך אַ דאָקטאָר, אַריינרופֿען אַ פּאָר פרעמדע מענטשען, זיי זאָלען כאָטש דערבאַ דאָ זיין... ס׳קען נאָך אין אַ ווייל ע אַרום, חלילה וחס, שוין זיין צו שפּעט. אין אייל נ ש. העלענע, געב נאָר

אַכטונג אויף אים. זאָלסט אים אָבּהיטען — ווי ס'שוואַרצע אַפּעל פון אויג... לויפט אַרויס.

# אַכטע סצענע.

## זישע — העלענע

### העלענע:

גייט־צו, גלעט אים איבּער די האָר, ליבּליך. ווי פיהלט איר אייך, ה' בּאַראָן. איז שוין אייך אַבּיסעל בּעסער—

### זישע:

עפענט די אויגען אַ דאָס בּיזט דו, מיין טייערע. נאָך א ווייל: זעהסט, ווי ווייט כ'האָבּ פאַר דיר געשטרעקט מיין לעבּען, מיך מקריב געווען: כ'בּין שיער צוליבּ דיר פון דער וועלט נישט געגאַנגען... העלענע הייבּט אים אויף, פירט פאמעליך צו א שטול, זעצט אים אַנידער, זי לויפט צום פענצטער עפענט עס שנעל, שטייט און קוקט אים מוטערליך אין די אויגען אַריין, ער רעדט ווייטער. ווערסט אודאי מיך שפּעטער פאַרשטויסען פון דיר, מיך נויטען ווייטער צו אַזאַ שריט...

### העלענע:

צאַרט. ניין, דאָס וועט שוין מער נישט געשעהען.— מיט פייער כ'וועל דיר פאַרלייכטערען דיין לעבּען: ווי די שטילע טייבּעלעך אין זייערע נעסטען, שטענדיג אזוי וועלען מיר זיין — —

### זישע:

צופרידען. זאָלסטו געדענקען. וואָס ד'האָסט מיר צוגעזאָגט, מיין טייערע. דריקט זיך צו איר, שעפּטשעט. אַך.

מיין גליק! מיין איינציגע פרייד, אינ'ם לעבען! שליסט זי איין אין זיינע אָרעמס, אומאַרמונג.

## פויזע.

מ'הערט אַ געלויף, ס'געטאָפּעריי פון אַ סך אָנקימענדיגע מענטשען און פאַרשיידענע קולות — אַס רעדען צווישען זיך. ביידע שפּריגגען אויף דערשראָקען, באַפרייען זיך פון די אָרעמס. העלענע מאַכט אָן אַ זייט צוריכט די האָר און טואַלעטע, זישע שטייט בלאַס און ציטערט פאַר דיפרעגונג. דער ערשטער לויפט אריין ארנאָלד, דערזעהענדיג זישע'ן רופט ער אויס שטיל.

### ארנאָלד:

שרייט אַרויס פון דער טיר. איר קענט שוין, צוריקגייען.

אַ דאַנק. מאַכט מיט די הענט, גייט אַוועק פון דער טיר.

### מאַרקוס:

קומט אריין.

### פעליקס:

קומט אריין פון דער ביליאַרד-שטיב, לאָזט זיך אראָב פון די טרעפּען.

# אַכטע סצענע

## די פריהעריגע — אַרנאָלד — מאַרקוס פּעליקס

### פּעליקס:

אריינקומענדיג. ס'איז אַ רעש, אַ געפילדער — ס'טומעלט זיך אין קאַווע-הויז: אַ באַראָן איז אַוועקגעפאַלען אין חלשות... לאָ'מיך אים אָנקוקען, מיט מיינע ליכטיגע אויגען. אפשר קען איך גאָר אים? קוקט אַרום זיך, זוכט אין אַלע זייטען.

### אַרנאָלד:

גלייכצייטיג. ה׳ באַראָן, איז אייך שוין אַביסעל בעסער. ווי פיהלט איר אייך? גוט! לאַכט האַרציג.

### זישע:

נישקשה.

### פעליקס:

אַן אַזייט. אַ שיינער באַראָן... כאַ-כאַ-כאַ! ס׳איז נישטאָ וועגער ס׳זאָל מיטלאַכען. העכער. ער איז: אַ באַראָן פון שחט-הויז. לאַכט ציניש.

### מאַרקוס:

גייט צו אים שטיל. מאַך אַ שווייג. אויב נישט, וועסטו אונז ביידע, נאָך פאַרשיטען.

### ארנאָלד:

נייגעריג. ווער איז דער? איר קענט אים, ה׳ גראַף?..

### מאַרקוס:

שטאַמעלט. דאָס איז... מיינער... פעסט. כ׳קען אים נישט. כ׳זעה אַזאַ פאַרשוין, ס׳ערשטע מאָל, אין מיין לעבען.

### פעליקס:

פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער. מ׳האָט גוט צוטיילט, די כבודים: דער איז אַ גראַף, יענער אַ באַראָן... כאַ-כאַ-כאַ!

### אַרנאָלד:

אויסגעשרעקט. ווער איז׳ס דער פאַרשוין?.. דער ציניקער?.. צו מאַרקוס׳ן. זאָגט אים — ר׳זאָל אַרויסגייען.

## מאַרקוס:

שוייגט.

## פעליקס:

גייט צו. כ׳זעה, איר זענט מיאוס אַריינגעפאַלען בײַ זיי, ר׳ יוד!

## אַרנאָלד:

מיט בלאָנדזשענדיגע בליקען אַרום זיך. ווע מען, מיינט ער?

## פעליקס:

ענטפערט. נישט מיך —

## אַלע:

קוקען זיך איבער פאַרווינדערט.

## פעליקס:

הויך. זיי האָבען דאָ מיט אייך פאַרקאָכט אַ קאַשע, ווי ס׳פאַסט פאַר אַזעלכע צוויי פייגעל, ווי זיי זענען. —

## אַרנאָלד:

דערשלאָגען. וואָס הייסט?..

## פעליקס:

נאָך אַ ווײַלע זיי האָבען זייערע ראָלען שיין געשפּילט אָבער...

## אַרנאָלד:

האָט פאַרשטאַנען. זענען זיי עס נישט.

## פעליקס:

שוייגט.

## ביידע:

מאַרקוס און זישע ווינקען צו אים ער זאָל שוייגען.

## פעליקס:

מיט אמאָל. כ׳האָב דעם כבוד זיי פאָרצושטעלען, פאַר אייך: לעבּ-קינדער, דאָן זשואַנען, אַפּעריסטען — דאָס זענען זיי...

## אַרנאָלד:

ווי פון א דונער געטראָפען. וואָ—ס? איז׳ס אמת?!..

## פעליקס:

ווייזט אויף זיי. אָט, שטייען די תכשיטים פאַר אייך און איר קענט זיי פרעגען: צי כ׳האָב כאָטש מגזם געווען, אפילו אַ וואָרט וועגען זיי. — לאַכט ציניש.

## מאַרקוס און זישע:

האָבען בא די לעצטע ווערטער אָנגעהויבען אַלץ נענטער צו רוקען זיך צו דער טיר, ביידע פארשווינדען שטילערהייט אַרויס פון זאַל. קיינער האָט׳ס נישט דערזעהן, אַ ע יקס אויך נישט. קורצע פויזע. —

## פעליקס:

סארקאַסטיש. כ׳האָב געזעהען אַ מענטש איז אַריין אין אַ זומפּ און ער זינקט — האָב איך געוואָלט אים אַרויסהעלפען. אָבער... זיי זענען פאַרלוירענע מענטשען. זייער לעבען איז די קוידער-וועלט, ווי געבענטשט דאָרט נישט געטאָגט: שטענדיג געהוליעט, געלעבט, לוסטיג פאַרטריבען די צייט... אַלץ איז כשר, ס׳ווערט נישט איבערגעקליבען: אַבי פריילִיך זיין... אין יעדער חבורתא פיהלט מען זיך גוט: זיי זענען שטענדיג אַרומגערינגעלט פון די נידריגסטע בריאות, טונקעלע נפשות דרייען זיך אַרום צווישען זיי

און ווערען אָפט אַרייגגעצויגען אין פינבטערע וועגען... זיי זינקען, וואָס אַמאָל אַלץ טיפער און פאַלען... אַ מאַך מיט דער האַנט. זייער לעבען, איז: בסדר צו טרינקען שטאַרקען בראָנפען... כע־כע! גייט ארויס.

גרויסע פויזע.

# ניינטע סצענע

## אַרנאָלד — העלענע.

### אַרנאָלד:

לויפט איבער דער שטוב הין און צוריק שטאַרק אויפגערעגט, שטעלט זיך אויף אַ ווײַלע אָב, באַלד לויפט ער ווײַטער, רײַט ווי נישט מיט זיין קאָפּ. יונג—גאַ—טשעס! שניע—קעס! פאַרחינדערט. אַפעריסטען, גאָר... נאָך אַ ווײַלע. כ'מעלד עס באַלד, אין דער פאָליציי. איר ווערט שוין די שיין, פון דער מאָרגענדיגער זון, נישט אָנקוקען: איר ווערט פוילען אין אַ פינצטערע קאַמער. — כ'האָב שוין גרעסערע וואָילע־יונגען אויסגעלערנט דרך ארץ און, אַ דאַנק מיר—לופטערען זיי זיך יעצט, ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט... איר ווערט שוין וויסען, ווער כ'בין. שלעפט ארויס דעם טייסטער. קעלנער! כ'צאָל! —

### אַרנאָלד:

נישט געדולדיג ער קומט נישט? כ'בין נישט מחויב צו וואַרטען. נאָך אַ ווײַלע. כ'וועל אים אַ צווייט מאָל באַצאָלען. כ'בין דאָך נישט קיין אַנטלאָפענער — מ'קען מיך אין שטאָט: יענעמ'ס געלט איז בא מיר זיכערער,

**ווי בּאַ יענעם אַליין. צו איר קום, העלענע. אַ שאָד די צייט.** — וואַרפט אַרויף אויף זיך אין איילעניש דעם פּאַלטע און הוט, הזר'ט איבער. **פּאָליציי! איר וועט שוין נאָכאַמאָל וויסען, ווי אויפצופירען געגען אַ פיינעם איידעלען מענטש! כ'וועל שוין אייך אָנלערנען — די פרשה בּלק!** — לאָזט זיך אין דער גרעסטער אויפ־רעגונג צו דער טיר, וויל באהאלטען דעם טייסטער, ער פאַלט איבּ ניסט באַמערקטערהייט ארויס פון האַנט, בּלייבּט ליגען אויף דר'ערד. ער לויפט אָב, נאָך אים העלענע.

ארנאָלד:

זיין קול פון אונטער די קוליסען. **פּאָ—לי—ציי! פּאָ—לי—ציי!**

מ'הערט נאָך לאַנג זיין רופען, ביז עס פארשווייגט.

**מארקוס און זישע:**

קומען אריין.

# צענטע סצענע

## מאַרקוס — זישע.

מאַרקוס:

מאַכט חוזק. דו האָסט געהערט, **ווי דער אַלטער תֶּרח האָט דאָ געהיצט זיך: געמאַכט מיט די הענט אין דער לופט...**

זישע:

כאַפּט אונטער. **ר'האָט אויסגעזעהען, ווי אַ גאַנז וואָס האַלט אין פליהען.**

מאַרקוס:

קען קוים איינהאַלטען זיך פון געלעכטער **ס'פּנים זיינס איז רויט געוועזן, ווי פייער.**

**זישע:**

אַ שוועבעלע, האָט מען געקענט אָנרייבען דערין —

**ביידע:**

ברעכען אויס אין אַ הילכיג געלעכטער.

**מאַרקוס:**

נאָך אַ ווייל. ער וועט די זאַך אָנמעלדען, אין דער פאָליציי?

**זישע:**

גיט אַ מאַך מיט דער האַנט. הער אים, ווי דעם נעכטיגען טאָג אָדער, פאַר אַ יאָריגען שניי —

**ביידע:**

לאַכען.

**זישע:**

האָט דערזעהען דעם טייכטער, הייבט אים אויף. זעה נאָר, ר'האָט דאָך איבערגעלאָזט זיין גאַנצען פאָרטעפעל: פול מיט כסף...

**מאַרקוס:**

איראָניש. ס'וועט באַ אונז נישט פאַרפרעמדט ווערען. מ'ר וועלען עס פאַרנוצען אויף איידעלערע צוועקען, ווי ער האָט געמיינט.

**זישע:**

ציילט דאָס געלט.

**פויזע.**

**מאַרקוס:**

ביידע כ'וועל דעם יאַט געבען אַ לעקציע, אַז ר'וועט מיך לאַנג נישט קענען פאַרגעסען.

### זישע:

וועמען?

### פעליקס:

קומט אריין, נאך אים דאס זיסע מיידעל.

# עלפטע סצענע

## די פריהעריגע — פעליקס — דאס זיסע מיידעל.

### דאס זיסע מיידעל:

בלייבט שטיין אויף דער שוועל, מורמעלט. איר האט געזאגט, אז ס'איז קיינער נישטא —

### פעליקס:

אין פארלעגענהייט. ס'איז דאך אזוי.

### דאס זיסע מיידעל:

ציהט זיך צוריק. כ'וויל נישט, אז מ'זאל מיך דא געהען מיט אייך. וויל גייען.

### פעליקס:

שטאמעלט אבער... זיי ווילען... באלד ארויסגייען... ביטערע. ס'זענען דאך אלץ היימישע מענטשען, מיינע גוטע ברידער: כ'האב פאר זיי קיין מורא נישט... זיי ווילען אונז נישט שטערען...

### דאס זיסע מיידעל:

אביסעל דרייסטער. כ'האב דא עלטערען און מוז דאריבער מיך שטארק היטען... מ'שפיאנירט מיר נאך... ביטער. בייזע צינגער טראגען באלד פליאטקעס אויף מיר... כ'לייד שטארק, פון זיי... זיפצט אין דער שטיל.

**פעליקס:**

כ'פארשטיי. נאך א ווײלע. דא איז אזוי שטיל און ליב. .ווען מיר בלייבען אליין, איז דאך אזוי גוט.

**דאס זיסע מיידעל:**

פלוצלינג. כ'בלייב, נאר נישט אויף לאנג. כ'מוז אין א האלבע שעה ארום, דורכאויס אוועקגייען פון דאנען —

**פעליקס:**

איראניש. ביז דאמאלס קענען מיר ביידע נאך האבען, גאנץ גוטע מינוטען. קוקט אויף איר שעלמיש.

**דאס זיסע מיידעל:**

פארשעמט. אמת.

**ביידע:**

לאכען צופרידען.

**פעליקס:**

מיט חניפה. איר האט אודאי באלד א ראנדעוואו.

**דאס זיסע מיידעל:**

רעגט-זיך-אויף לייכט. איר מיינט, אז כ'בין איינע פון יענע, וואס האבען ליב אפט צו פארברענגען מיט פרעמדע מענער...

**פעליקס:**

ביטערע מיך ווינדערט, פון וואנען קומט איר צו אזא לעבען —

**דאס זיסע מיידעל:**

לאזט אראב ד'אויגען פארשעמט.

**שווייגען.**

### דאָס זיסע מיידעל:

פאַרטרוילעך. ערשט נעכטען צופעליג באַקאַנט געוואָרען און היינט — כאַ-כאַ-כאַ!

### פעליקס:

דער צופאַל גיט גליק.

### דאָס זיסע מיידעל:

נאַיוו. יאָ, כי-כי-כי! לאַכט.

### מאַרקוס:

צו זישע'ן. ער האָט געפּאַקט אַ יאַלאָוועקע און פירט זי צו דער שחיטה-באַנק.

### זישע:

גיפטיג. מ'דאַרף אים אָבטוען אויף טערקיש. אָבשלאָגען דעם שאַנס.

### מאַרקוס:

קוקט אויף איר מיט שמעכיגע בליקען אַזוי זאָל יאַך לעבען מיט איר צוזאַמען... ביזט געדעכט. שטייט אויף.

פ ו י ז ע.

### דאָס זיסע מיידעל:

דערזעהט מאַרקוס'ן. לויפט זי צו אים מיט פרייד. וואָס טוט איר גאָר דאָ?

### מאַרקוס:

קאַלט. כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט דאָ אַריין... באַקוקט זי. וואָס מאַכט איר?..

### דאָס זיסע מיידעל:

אַ דאַנק. — נאָך אַ ווײַלע. מיר טרעפען זיך אַזוי זעלטען,

כ׳האָב שוין עטליכע מאָל געוואָלט אייך זעהען און נישט געהאַט די געלעגענהייט.

מאַרקוס:

זענען מיר דאָך יעצט צוזאַמען —

דאָס זיסע מיידעל:

דערשלאָגען. איר האָט מיך שוין, פאַרגעסען?

מאַרקוס:

מיך פאַרדריסט אויף אייך...

דאָס זיסע מיידעל:

פאַרוואָס?

מאַרקוס:

שווייגט.

דאָס זיסע מיידעל:

צארט. כ׳בין אַמאָל געווען אַ שטילע, אַ נאַיווע... כ׳האָב פאַרגעטערט אייך... און דערפאַר —

מאַרקוס:

גיפטיג. איר זענט אָבער יעצט נידריג געפאַלען. ר׳קלויבט שוין גאָרנישט איבער: זוכט נישט די געקליבענע געזעלשאַפט, נאָר גיט אייך אָב מיט יעדען איינציגען...

דאָס זיסע מיידעל:

..?

מאַרקוס:

גראָב איר גייט מיט אים —

### דאָס זיסע מיידעל:

שטיל מיט ווערמען?..

### מאַרקוס:

מיט אמאָל. ער האָט אייך באַליידיגט... ווייזט אויף פעליקס'ן.

### דאָס זיסע מיידעל:

פארווינדערט מיך?..

### מאַרקוס:

ר'האָט אויסגערעדט אויף אייך... די נידריגסטע ווערטער.

### דאָס זיסע מיידעל:

שרייט-אויס מיט חייטאָג. ווי האָט ער געהאַט די חוצפּה?

### פעליקס:

שפּרינגט אויף. ווען איז'ס געווען.

### מאַרקוס:

סארקאַסטיש. ער האָט דערציילט, אַז אויפ'ן באַל איז קיינער צוגעשטאַנען צו אייך, אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַלז און שטאַרק געקושט. שפּעטער האָט איר יענעם באַליידיגט — יענער איז אויפגערעגט געוואָרען און אייך דערלאַנגט אין פּנים אַריין... לאַכט ציניש.

### פעליקס:

קאַלט. כ'האָב געזאָגט, אָבער...

### דאָס זיסע מיידעל:

צולאַכט זיך. כאַ־כאַ־כאַ! מיר פּאַסט נישט אפילו צו רעדען מיט אייך... איר זענט —

### פעליקס:

לאַכענדיג. ס'איז געווען פּונקט פאַרקערט.

## דאָס זיסע מיידעל:

גיפטיג. ס׳איז אייך אַלע מענער ווייניג צו גלויבען,

איר זענט פאַרענטפערט: כ׳וויל אייך מער נישט קענען...

קומט! נעמט מארקוס׳ן געאָרעמט, וויל אַרויסגייען.

## מאַרקוס:

ביטרע כ׳וויל, מיר זאָלען דאָ נאָך אַביסעל

פאַרברענגען —

## דאָס זיסע מיידעל:

אויפגעלעבט. גוט. נאָר ער זאָל דערבאַ נישט־זיין

## מאַרקוס:

אודאי נישט.

## זישע:

איראָניש. ער געהער נישט צו אונזער אַקציע. ער קען שלאָפען אַליין, אויף דער האַרטער פויסט...

## אַלע:

לאכען.

## מאַרקוס:

מיט פייערליך אין ד׳אויגען. אפשר, זאָלען מיר מאַכען אַ באַל אין דערהיים.

## זישע:

אַ גוטער איינפאַל —

## דאָס זיסע מיידעל:

שעלמיש. וואָס איז מיר אַנ׳אונטערשיד דאָ, דאָרט: אַבי חי־געלעבט, געהוליעט און לוסטיג פאַרברענגט די צייט...

### מאַרקוס און זישע:

וואַרפען אַרויף אויף־זיך די פּאַלטעס און הוט, נעמען געאָרעמט דאָס זיסע מיידעל, האַנט בּאַ האַנט, אַלע דריי גייען צו דער טיר.

### מאַרקוס:

אַרויסגייענדיג. איינמאָל, לעבּט דער מענטש אויף דער וועלט —

### זישע:

כאַפּט אונטער איינמאָל, איז ער יונג.

### דאָס זיסע מיידעל:

שרייט זיי איבּער. הו—ראַ! זאָל רוישען אונזער לעבּען! —

### אַלע:

גייען אַרויס.

פ ו י ר ה א נ ג.

# וואָיל-יונגערישע אויסדריקען.

| | |
|---|---|
| בגלופין | שכּור |
| טאָקען | געבען |
| אַנ׳אויג | בייז |
| די רייף | די גראַנדע |
| פאַרדינט | געפּאַקט |
| וויטשטאָק | פרייער |
| מ׳לאַווירט | מ׳ציהט אָן |
| ס פינעפּטעל | די האַנט |
| אָנגעצויגען | נייגעריג |
| פאַרוואָרפען | אָבגעטועען |
| קעש, באַש | געלט |
| די שציערקע | קעלנער |
| פייף איך אָן אוואַלס | אָנפייפען, אָנזעצען. |
| כ׳ווער אַ האָז | כ׳מאַך פּליטה |
| ווידערשפעניגען | ווידערזעהען. |
| כ׳האַלט פון דיר | דו געפעלסט מיר |
| אָהן אַ שטאָך אַרבעט | ליידיג |
| תּרתּרים | מענער וואָס ווערען נתפעל פאַר אַ קליידעל |
| משא-מתן, קראַפּט, נומער | מיידעל |

אויסשחור׳ן, פאַרשיטען—אויסגעבען

געוויקעלט — געטאַנצט

אַ יאַלאָווקע — כשר בהמה׳לע

טיפֿע דרכים — אַ ויך ענין

אויף טערקיש — אַ שפּיצעל

איינגעפּרוּוירען — פאַרפאַלען

געבען אַ לעקציע — אָנלערנען

אויפ׳ן גאַנצען זיכער — אויפ׳ס כח

אָבשלאָגען דעם שאַנס — צונעמען דאָס משא מתן.

די פּריי זאל מיר אַזוי דינען — אַזוי זאָל מיר גליקען אין מיינע געשעפטען

